**בוך־קאמיטעט ארויסצוגעבן**
**די שריפטן פון מיכאל ווייכערט:**

|אַדווי זניאל אויסטער|, רחל. אויערבאַך, ד״ר שלמה
ביקל, |ד״ר א. זוסמאַן|, רעד׳ מ. חלמיש, ד״ר א. ש.
יוריס, דניאל לייבל, פּראָפ׳ דב סדן, רעד׳ מ. צאַנין,
ג. קרעסל, מלך ראַוויטש, יעקב שטערנבערג,

**צייכענונגען פון שמעון פּאָגעלמאַן**

**דאָס ביכל איז אָפּגעדרוקט אין 500 נומערירטע עקזעמפּלאַרן**
**דער דאָזיקער עקזעמפּלאַר האָט דעם נומער** 277. .

**Michael Weichert**
**TRUPE TANENCAP**


**נדפס בישראל**
Printed in Israel 1966

„HAMENORAH" Publishing House Tel-Aviv, 24 Zangvill st.
Israel

דפוס „אירלי", יסוד המעלה 27, ת״א, טל. 32062

L. 18854 cen.

Na podstawie art, 3 rozporządzenia Ministra Spraw Wewnętrznych z dnia 12 lutego 1919 r. w przedmiocie przepisów wykonawczych do dekretu o widowiskach ~~ach~~ *Trupa Tanencapa*

wolno produkować publicznie w m. st. Warszawie, aż do odwołania.

Warszawa, dnia *24 listopada 1933.*

Za Komisarza Rządu

KOMISARZ RZĄDU
M. SZYSZYŁOWICZ
RADCA WOJEWÓDZKI

צענזור פון רעגירונגס־קאָמיסאַריאַט פאַר דער שטאָט וואַרשע

## אין דער אויפפירונג פון „טרופע טאַנענצאַפּ"

## האָבן זיך באַטייליקט:

| | |
|---|---|
| דירעקטאָר טאַנענצאַפּ | — לייב ווערטהיים |
| דירעקטאָרשע | — דבורה פאַקעל |
| יאָזעפינע, זייער טאָכטער | — בינה גודעס |
| דער נגיד | — אברהם סוכער |
| | — משה שווייליך |
| זיין ווייב | — אסתר גאָלדוואג |
| יענטע, זייער דינסט | — העניע צימליך |
| משה, איר חתן | — אברהם וואָלאָווטשיק |
| דער ליטוואַק, אַ בעל־דרשן | — פּיניע זיגעלבוים |
| דער חסיד פון וואַרשע | — אברהם גרינשפּאַן |
| דער לייטענאַנט פון אונגאַרן | — אברהם סטאָבניצער |
| דער זשאַנדאַר פון טשעכיע | — יעקב הייטלער |
| דער פּאָליציאַנט, אַ רוטענער | — קרום |
| די פרוי פון טיסמעניץ | — חוה וואָלפּאָוויטש |
| די פרוי אין הוט | — דבורה פיינזילבער |
| ר' פּנחסל, אַ חסיד | — יוסף גליקסאָן |
| רבקה, זיין ווייב | — שרה הויער |
| חיהלע, זייער טאָכטער | — דבורה פאַקעל |
| ר' שלומוניע | — יוסף קעסטענבערג |
| קוני לעמל, זיין שטיפזון | — פייוול סיוואַק |
| קלמן שדכן | — וואָלף הייבלום |
| ליבעניו, זיין טאָכטער | — בינה גודעס |
| מאַקס, אַ סטודענט | — פייוול זיגעלבוים |

**נתן וואָלפּאָוויטש, צביה לעווין, צפורה פיינזילבער, גיטל קורביטש**

י. קעסטענבערג איז געשטאָרבן אין 1935סטן יאָר אין וואַרשע, ד. פאַקעל, ה. צימליך, ג. קורביטש, צ. לעווין, פּיניע זיגלבוים, א. סוכער, א. סטאָבניצער, י. הייטלער, זענען אומגעבראַכט געוואָרן דורך נאַציזשע רוצחים, ב. גודעס, א. גאָלדוואג, ש. הויער, וו. הייבלום, נ. וואָלפּאָוויטש לעבן אין תל־אביב, מ. שווייליך — אין וואַרשע, ל. ווערטהיים — אין כאַרקאָוו, ד. פיינזילבער, צ. פיינזילבער, י. גליקסאָן — אין ניו־יאָרק, א. וואָלאָווטשיק — אין מאָנטרעאָל (קאַנאַדע), א. גרינשפּאַן — אין סאַן פּאַולאָ (בראַזיל), פ. סיוואַק — אין מעלבורן (אויסטראַליע), פייוול זיגעלבוים — אין יאָהאַנעסבורג (דרום־אַפריקע)

# „יונג טעאַטער" - „טרופּע טאַנענצאַפּ"

ד"ר מיכאל ווייכערטן קומט אַ גרויסער דאַנק פאַר דעם איינפאַל און פאַר דער מי אַרויסצוגעבן דאָס צאַרטע ביכעלע. די טאָוולען הילן איין און פאַרצייכענען לזכּרון אַ קאַפּיטל געשיכטע פון יידישן טעאַטער אין פּוילן אין די 30ער יאָרן. יידיש טעאַטער האָט פאַרמאָגט אַ גראַוויטאַציע־כּוח, וואָס האָט געצויגן צו זיך אין יענע יאָרן יונגע טאַלאַנטן, וועלכע האָבן אַ חשק געהאַט שפּילן טעאַטער אויך געזוכט אַ פּלאַטפאָרמע אַרויסצושרייען זייער פּראָטעסט קעגן רעאַקציע און אומרעכט. דאָס האָבן זיי געפונען אין „יונג טעאַטער".

דאָס ביכעלע איז אויך וויכטיק דערמיט, וואָס אין היפּך צו דער יידישער ליטעראַטור, יידישער בוך־פּראָדוקציע היינט, וואָס איז צו אונדזער שטוינענדיקער פרייד ממש אַ פענאָמען, איז דאָס יידישע טעאַטער הן פון דער בינע, הן אין געדרוקטן וואָרט, געגליכן צו יצחקן, וואָס איז טאַקע ניצול געוואָרן פון דער עקידה, אָבער איז געבליבן אַ האַלב געשאָכטענער זיין גאַנץ לעבן... דאָס ביכעלע איז אַ קליין פּנקסל פון איין ספּעקטאַקל, פון איין טרופּע אַקטיאָרן מיט אַ באַשטימטן פּרצוף־פּנים, וואָס וואָלטן אפשר ווער ווייסט ווי ווייט דערגאַנגען, ווען נישט די נאַצישע פייער־לאַווע...

אַרום 30 יונגע בחורים און מיידלעך, בעיקר פון פאַרשיידענע, יידישע און פּוילישע דראַמאַטישע קרייזן, האָבן זיך אין סעפּטעמבער 1929 אַוועקגעזעצט אויף דער שולבאַנק אויף דריי יאָר לערנען תורת הטעאַטער. דעם „דאָקטערס שקאָלע" — ווי די עלטערע אַקטיאָרן האָבן דאָס גערופן — איז געווען ד"ר מ. ווייכערטס טעאַטער־סטודיע ביי דער קולטור־ליגע אין וואַרשע. דעם הויפּט־פּראַקטישן לימוד: רעדאָרגאַנען און זייער פאַרטיילונג אויף מאָטאָרישע, קלאַנגלעכע, אַרטיקולאַטאָרישע, רעזאָנאַטאָרישע, אופן פון אָטעמען, אַרויסרעדן וואָקאַלן, קאָנסאָנאַנטן, געניטונגען מיט אַליטעראַציע־סטראָפן אויף יעדן קלאַנג פון אלף בית, דאַן טעאַטער־שפּיל — דאָס אַלץ האָט גענומען אויף זיך דער מעטאָדישער לערער מ. ווייכערט. צו די אַנדערע לימודים ווי יידישע שפּראַך און ליטעראַטור, פאָנעטיק און דיאַלעקטאָלאָגיע, יידישע און אַלגעמיינע געשיכטע, אַלגעמיינע און יידישע

טעאַטער־געשיכטע, געשיכטע פון פּלאַסטישער קונסט, מימיק און פּלאַסטיק, ריטמיק און טאַנץ, סאָלפּעדזש און געזאַנג. קאָס־טיום, גרים, ליכט און בינע־טעכניק, אַנאַטאָמיע, פיזיאָלאָגיע, היגיענע, אַקוסטיק — האָט ד״ר מ. ווייכערט צוגעצויגן די בעסטע ספּעצן, וואָס דאָס יידישע וואַרשע האָט פאַרמאָגט: נח פּרילוצקי, שלמה מענדעלסאָן, ח. ש. קאַזדאַן, ד״ר יצחק שיפּער, ד״ר רפאל מאַהלער, אברהם מאָרעווסקי, לאה ראָטבוים, הענעך קאָן, וו. וויינטרויב, אַרכיטעקט ראובן שוואַרץ, ד״ר אַדאָם גראַבער, גרישע ראָטשיין און אַנדערע.

נאָך דריי יאָר האָרעוואַניע איז פון דער „שקאָלע״ אַרויס־געוואַקסן דאָס עקספּערימענטאַלע „יונג טעאַטער״, וואָס איז פון זיין ערשטן טראָט ענטוזיאַסטיש אויפגענומען געוואָרן דורכן טעאַטער־עולם ווי דורך דער יידישער און פּוילישער פּרעסע און זיך אין אַ קורצער צייט קונה שם געווען ווי דאָס טעאַטער פון גרויסע טיילן פון דער יידישער מאַסע טעאַטער־גייער אין פּוילן. די דערשיינונג „יונג טעאַטער״ איז געבוירן געוואָרן פון אַ גליק־לעכן שידוך צווישן אַ צילבאַוווסטן אָנפירער און רעזשיסער און אַ יונגער גרופּע אַקטיאָרן, וואָס זענען געווען דורכגעדרונגען מיט אַ רעוואָלוציאָנערן גייסט. די פּוילישע מושלים האָבן דאָס גיך דערפילט... ס׳האָבן זיך אָנגעהויבן רדיפות, שטערונגען, ביז טאָטאַלן פאַרבאָט.

דאָס רעאַקציאָנערע, אַנטיסעמיטישע סאַנאַציע־פּוילן האָט געהערשט ביד חזקה. דאָס שכנותדיקע ראָטנלאַנד האָט אין יענע יאָרן געריצט די אונטערדריקטע יידישע יוגנט מיט דער האָפענונג אויף אַ בעסערער, פרייער צוקונפט, דער „בונד״ מיט זיין טאָג־טעגלעכן קאַמף פאַר עקאָנאָמישע, קולטורעלע און סאָ־ציאַלע רעכט פאַר די יידישע מאַסן, האָט געהאַט אַ שטאַרקע השפּעה אויף יידישע אַרבעטער, דער „השומר הצעיר״ האָט צו־שטייער געגעבן זיין חלק אין דער גרופּע. אין „יונג טעאַטער״ האָבן די יוגנטלעכע פון אַלערליי ריכטונגען געפונען זייער קאַמפּפלאַץ. דער שם־המפורש אין „יונג טעאַטער״ איז געווען: אידעישע ציל־באַוווסטקייט, ליבשאַפט צום וווּנדערלעכן יידישן פאָלקס־לשון, צוגעבונדנקייט צו דער יידישער ליטעראַטור, פאָלקלאָר, פאָלקסטימלעכקייט, קאַמף קעגן רעאַקציע, קעגן אינערלעכן „שמענדריקיזם״, אַסימילאַציע — אַ לעבעדיקער בינע־נערוו פון דעם דינאַמישן פּוילישן יידנטום.

דערמיט איז „יונג טעאַטער״ געווען אַנדערש פון אַלע יידי־שע טעאַטער־טרופּעס אין פּוילן. דעם גייסט פון דעם שם־המפורש האָט דער יידישער טעאַטער־עולם און די פּרעסע דערפילט גלייך פון דער ערשטער אויפפירונג „באַסטאָן״, וואָס האָט זיך אָנגע־

הויבן דעם 3טן פעברואַר 1933. די פאָרשטעלונג איז געוואָרן אַ רעוואָלאַציע. נישט נאָר צוליב איר אָריגינעלן און אייגנאַרטיקן אופן פון לייזן די סצעניש רוים־געשטאַלטונג אָן אַ בינע און אָן אַ פירהאַנג, שפּילן פילמאַרטיק 44 בילדער צווישן פּובליקום, וואָס ווערט אַריינגעצויגן אין דעם ווירבלדיקן טעמפּאָ פון געשעענישן אַרום די צוויי אומשולדיקע מענטשן, סאַקאָ און וואַנצעטי, וועלכע האָבן, נישט געקוקט אויף אַלע פּראָטעסטן פון דער וועלט, פאַרענדיקט זייער לעבן אויפן עלעקטרישן שטול אין באָסטאָן, נאָר אויך צוליב דעם פּלאַס פון יונגע הערצער, וואָס געהערן צו אַן אונטערדריקטער מינדערהייט און האָבן אויסגעשריגן זייער פּראָטעסט קעגן די אומרעכטן אויך אין אייגענעם פּוילן־לאַנד. קנאַפּע 500 מאָל האָט אין וואַרשע און אַנדערע פּוילישע שטעט וואַנצעטי געזאָגט: „אויב אונדזער טויט וועט פאַרמערן אין דער וועלט דעם פאַרלאַנג נאָך גערעכטיקייט, נאָך פרייהייט — דאַן זענען מיר נישט אומזיסט געשטאָרבן. אונדזערע שונאים האָבן אונדז געוואָלט דערנידעריקן, אין דער אמתן האָבן זיי אונדז דערהויבן. אונדזער לעצטער וועג איז אונדזער לעצטער טריומף. זיי ווייסן, אַז מיר זיינען אומשולדיק". דאָס זענען געווען דברים היוצאים מן הלב ונכנסים אל הלב...

די צווייטע אויפפירונג איז געווען, וואָס דער לייענער האָלט אין האַנט: „טרופּע טאַנענצאַפּ", אַ גאָלדפאַדען־ספּעקטאַקל. דאָ האָט די השגחה פון אַ גוטן מלאך געהיט איבער ד"ר ווייכערטס האַנט, וואָס האָט אויפגעבויט אַ ראַם פאַר גאָלדפאַדענס „צוויי קוני לעמלס". אַ ווונדערלעכע ראַם פאַר דעם היסטאָרישן בילד פונעם אונטערדריקטן, גערודפטן באַליידיקטן יידישן אַקטיאָר, יידיש לשון און יידיש טעאַטער. ס'איז דאָ נישט נייטיק מער צו שרייבן וועגן אינהאַלט פון שטיק, זאָל דער לייענער אַריינקוקן אין די זייטלעך פון ביכל. וואָס כ'געפין יאָ נייטיק צו דערמאָנען איז, אַז דער ספּעקטאַקל מיט דעם גאָלדפאַדענישן, פאָלקסטימלעכן חן, מיט דער מוזיקאַלישער פאַסונג, מיט דער דראַמאַטישער שפּאַנונג פון יידישער טעאַטער־געשיכטע, ד"ר ווייכערטס אינספּיראַציע, אַקטיאָרישע יוגנטלעכקייט פון אַנסאַמבל — האָבן דאָס „יונג טעאַטער" אַ הייב געטאָן אויף שטאַפּלען הויך און איינגענומען מיט שטורעם יונג און אַלט, וואָס זענען, ווי דער דיכטער איציק מאַנגער, — לויט זיינע אייגענע ווערטער — געגאַנגען זען דעם ספּעקטאַקל וויפיל מאָל.

די ווייטערדיקע אויפפירונגען זענען געווען דערגרייכונגען אין זעלבן גייסט, וואָס האָבן געגעבן דעם „יונג טעאַטער" חשיבות און אָנערקענונג.

די לעבן געבליבענע פון אַנסאַמבל, פון יידישן פּובליקום

אין פוילן, פון שרייבער וואָס האָבן דעם ספעקטאַקל געזען, גע־
שפּילט, געשריבן וועגן אים, וועלן זיכער זיין צופרידן און אויס־
דריקן דאַנק און אָנערקענונג דעם אָנפירער און רעזשיסער פון
„יונג טעאַטער" פאַרן אַרויסגעבן דאָס ביכל.
וואָס בלייבט נישט אין טאָוולען, פאַרשווינדט ווי דער רויך...

יאָהאַנעסבורג, מאַי 1966

**פייוול זיגעלבוים**




דער טעאַטער־זאַל איז אַ כלומרשטע שטאַל. אין מיטן הענגען אויף פּיר סלופּעס לאַמטערנעס, ווי בעל־עגלהס נוצן זיי אויף וועגענער. פאָרנט זענען אויף בירפעסלעך אַוועקגעלייגט ברעטער. דאָס איז די „בינע״.

# I

אַ קלונג. דער זאַל האַלב־באַלויכטן, הינטערן פירהאַנג, וואָס איז פאַרצויגן איבער די ברעטער אויף די פּעס־לעך — פינצטער. דער דירעקטאָר אין אַ „גייראָק״ [קאַ־טעוויי] און די דירעקטאָרשע אין אַ טונקל קלייד מיט אַ שפּיצנשאַל איבער די אָרעמס און אַ בייטל וואָס הענגט אַראָפּ אויף דער לינקער האַנט, קאָנטראָלירן די בילעטן און ווייזן אָן די ערטער. ביי אַ זייטיקער טיר שטייט יאָזעפינע.

דירעקטאָרשע

(פאַרנייגט זיך לייכט) גוט נאַבענד, מיינע הערשאַפטען... גוט נאַבענד... ביטע, טרעטן זי נעהער... רודאָלף, וואַז נאָר די פּלעצע... וואָס מיר שפּילן? אַ גאַנץ ניי שטיק... יאָ, פון הער גאָלדפאַדען... ניין, דאָ זיכער נאָך נישט געשפּילט.

פרוי

(אַריינקומענדיק) גוטן אָוונט, מאַדאַם טאַנענצאַפּ. איר דערקענט מעך נישט? פּאַראַיאָרן אין טיסמעניץ, ווען איר האָט געשפּילט „בינקע פינקע״...

דירעקטאָרשע

(בלאָזט זיך) זי האַבען איינען אירטום, וויר וואַרען ני אין טיסמעניץ, זאָ אַ קליינער העק. (צו זיך) האָסטו געהערט!

פרוי

וואָס הייסט, איר זענט נישט געווען. עך האָב אַך געזען מיט מאַנע אייגענע אויגן. עך זאָל אַזוי דערלעבן צו זען משיחן.

צווייטער קלונג

דירעקטאָרשע

אַוסגעשלאָסן!... שטיפּט אַך נישט, יעדער ווערט אַראַן!... פּראָשע באַרדזאָ, פּראָשע באַרדזאָ, קטורע מיעיסצע?...

יאָ, איר קאָנט מיר באַצאָלן, ס׳אי אַלץ איינס (נעמט געלט, לאָזט אַראָפּ אין בייטל).

משהס שטים

(פון דער זייטיקער טיר) דריי נישט קאַן ספּאָדעק!

יאָזעפינע

(פאַרשטעלט דעם וועג) מען טאָר נישט.

משה

לאָ מעד אַראַן!

יאָזעפינע

(רופט) טאַטע, טאַטע!

דירעקטאָר

וואָס אי ווידער? זעסטאָד, אַז עד קאָן נישט אַוועקגיין. קאַן איינעהאָרע אַן עולם!

יאָזעפינע

עמעץ וויל אַראַנגיין דאָאַרומערט!

דירעקטאָר

לאָז נישט (רופט) העגריעטע!

דירעקטאָרשע

וואָס, רודאָלף?

דירעקטאָר

גיי נאָר צי צי יענער טיר, ס׳קינד קאָן זעך נישט געבן קאַן עצה.

דירעקטאָרשע

עד קאָן מעד אויך נישט צעראַסן (צו יאָזעפינען) וואַרט, כ׳קום שוין!... (צום עולם) ענטשולדיגען זי ביטע, איין אַוגענבליק, איך קאָממע גלייך... (גייענדיק) שוין איין מאָל אַ לאַכטע פּרנסה (צו יאָזעפינען) וואָס איז?

יאָזעפינע

זיי ווילן אַראַן דאָאַרומערט.

דירעקטאָרשע

מע קען נישט, דער איינגאַנג איז דאָרט.

משה

דאָאַרומערט איז דאָך אָבער נענטער.

יענטע

מיר זענען אייגענע מענטשן. עד בין יענטע. עד דין באַם גביר, וואָס די שטאַל איז זאַנע. און דאָס איז מאַן חתן משה. (משה הייבט אויף אַ ביסל דעם קאַשקעט).

דירעקטאָרשע

**איך בעדאַורע, די קאַסע איז דאָרט!**

יענטע

**און אַז מ׳וועט אַך דאָ באַצאָלן, וועט איר נישט נעמען? משה, באַצאָל!**

משה

**עד האָב אַ גאַנצן ראַניש. גיט אַ רעשט אַכט זעקסערלעך, מאַדאַם.**

דירעקטאָרשע

**(שנעבלט זיך) דער ביליקסטע פלאַץ קאָסטעט פופצען קרייצער.**

משה

**און אַז איר וועטש אַראַנלאָזן צוויי פּאַרשוין פאַר צוואַנ־ציק גראַצער, וועט איר ווערן בדל. ר׳וועט דערלייגן דער באַבעס ירושה. גיט אַ רעשט, מאַדאַם, אין אַ סוף!**

דירעקטאָרשע

**(גיט אַ רעשט) מאַנע געשעפטן משטיינסגעזאָגט.**

משה

**(טוט אַ שלעפּ יענטען ביי דער האַנט, גייט אַריין, קוקט זיך אַרום אין זאַל) סערוווס ברוכל, וואָס מאַכסטו מאָטל?**

יענטע

**(צופּט אים ביים אַרבל) לאָז אָפּ, הייב נישט אָן מיט אים.**

משה

**אַזוי לאַנג קרענקט ער, ווי ער וועט מעך נישט טשעפּן.**

יענטע

**וואָס טויג עס דיר?**

משה

**עד האָב אים טיף אין דרערד!**

ד ר י ט ע ר ק ל ו נ ג

דירעקטאָרשע

**ווייי איז מיר, ווי האָט איר זעך געזעצט? דאָס זענען די בעסטע פלעצער (באַפעלעריש) שוין אַראָפּגעגאַנגען!**

משה

**אָט לויף עך.**

דירעקטאָרשע

איר מאַכט מעך אומגליקלעך. פאַר די צוויי פלעצער קען עך דאָך אָפּלייזן אַ ראַניש.

משה

(דרייט אויס דעם קאַשקעט) רעדט מער צום דאַשעק!

(דורך דער זעלבער טיר קומט אַריין דער ליטוואַק)

דירעקטאָרשע

ווער איז דאָס ווידער? אירע קאַרטע, מיין הער?

ליטוואַק

וואָס פאַר אַ קאַרטע?

דירעקטאָרשע

אירע איינטריטס־קאַרטע.

ליטוואַק

וואָס? אַ בילעט מעינט איר? געיט סעין, געיט, ווער דאַרף דאָס דען האָבן, ווער? איך האָב זיך אַריינגעכאַפּט עיף אַ ווײַלינקע. מער ניט אַ קוק טאָן. געהערט אין גאַס, אַ ס׳איז פאַראַן אַ אידיסע קאָמעדיע, בין איך אַ בעלן צו זען, וואָס איר באַווייזט דאָ. איך בין דער בעל־דרשן, וואָס האָט היינט אין בעסעמעדרעס געהאַלטן אַ דרשה. האָטזע ניט פאַראיבל, באַלעבאָסטע טייערינקע, און לאָזט אַ קוק געבן.

דירעקטאָרשע

נאַ דיר אַזאַ אָנשיקעניש אויף מאַן קאָפּ, אַ ליטוואַק גאָר. (ווייזט אים אויף די הינטערשטע רייען) זאַטשע מוחל!

יאַזעפינע

(פון דער זייטיקער טיר) טאַטע, טאַטע, ס׳איז ווידער עמעץ דאָ!

דירעקטאָרשע

עך לויף שוין.

לייטענאַנט

(קומט אַריין) יאָ נאַפּאָט קיוואַנאָק. האַבע די ערע, פראַו דירעקטאָר, קעזי טשאָקאָלם, קיס די האַנט, מאַדאַם.

דירעקטאָרשע

גוטען אַבענד, הער ריטמייסטער.

לייטענאַנט

שפילען זי וואַס לוסטיגעס? ווירד געזונגען, געטאַנצט?

דירעקטאָרשע

יאַ וואָל, הער ריטמייסטער.

לייטענאַנט

**דאַן ביטע איינע קאַרטע, ערסטער פלאַץ (גיט איר געלט זי וויל אים געבן אַ רעשט, ער נעמט נישט) דאַנקע זער (נענטער צו איר) שפּילן זי אַוך מיט, שיינע מאַדאַם?**

דירעקטאָרשע

**זעלבסטפערשטענדליך, הער ריטמייסטער.**

לייטענאַנט

**פאַבעלהאַפט, ענטציקענד, ליבעס קינד! (נעמט זי אַרום)**

דירעקטאָרשע

**אַבער וואָס פעלט אינען איין, הער ריטמייסטער! (באַפרייט זיך פון זיינע הענט).**

דירעקטאָר

**(קומט צו) דאַרף איך ביטען אום אירע קאַרטע?**

דירעקטאָרשע

**שאָן בעצאַלט.**

פ ע ר ט ע ר   ק ל ו נ ג

**(ס'קומט אַריין דער נגיד מיטן ווייב)**

משה

**(צו יענטען) ס'קאָצל קומט דער באַלעבאָס דאַנער איז דאָ, דער פּראָצענטניק!**

יענטע

**ס'אי מאַ גיט, כ'על שוין אַראַנכאַפּן אַ פּאָרציע.**

משה

**וואָס אי? וואָס ציטערסטו אַזוי? כ'לאַך פון זיין באַבען.**

דירעקטאָרשע

**וועלכע פּלעצע דאַרף איך ביטן?**

נגיד

**וואָע? עך צאָל נישט. עך האָמעך אויסגענומען מיטן באַלעבאָס פון דער קאָמפּאַניע באַם פּאַרדינגען מאַן שטאָל, אַז עך, מאַן וואַב, מאַנע קינדער און מאַנע אייניקלעך צאָלן נישט פאַר קאַן בילעטן (ווייזט אָן אויף די ערטער, ווו ס'זיצן משה און יענטע) אָט דאָס זענען מאַנע פּלעצער. אַזוי האָב איך מעך אויסגענומען.**

יענטע

**(וויל אויפשפּרינגען)**

משה

זיץ אַן. עד ריר מעד נישט. מיר איז דאָ גיט.

דירעקטאָרשע

רודאָלף!

יענטע

משה, קום, כ׳האָב מורא פאַרן באַלעבאָס.

נגיד

עד בין אַד מוחל אייער גאַנץ טרעיאַטער. האָסטו געזען!

ווייב

רעג דעד נישט אָף, ס׳קאָן דיר נאָד, חלילה, פאַרשאַטן.

דירעקטאָר

(צו משהן) זאַ אַ גיטער ברידער און טרעט אָפּ.

משה

(שטייט אויף) יענטע, קום (צום דירעקטאָר) נאָר צוליב אַד טי איך עס. אויסקרענקען זאָל ער עס (גייט אַוועק מיט יענטען אויף אַן אַנדער אָרט).

דירעקטאָר

(צום נגיד) זאַט אַזוי גוט, ר׳ אָשר, פאַרשעמט אונדז נישט צווישן מענטשן (רוקט אים אַריין אַ פּראָגראַם).

נגיד

(נעמט נישט, זעצט זיך, לעבן אים דאָס ווייב) מוחל!

משה

(פון זיין נייעם אָרט) פאַרשטעלט נישט, פאַניע, אייער טאַטע איז נישט געווען קיין גלעזער.

פּינפטער קלונג.

(הינטערן פירהאַנג ווערט ליכטיק. אַן אַקטיאָר קוקט אַרויס דורכן שפּאַלט).

שטימען

(פון הינטערן פירהאַנג)

— נישקשה אַן עולם האַנט.

— נישט צו פאַרזינדיקן.

— קיין איינעהאָרע, קיין שום בייז אויג זאָל נישט שאַטן.

— וואָס האָב עד געזאָגט, זיצן און באָראָדטשן און אויס־גיין פון הונגער.

— אַ מיניסטער־קאָפּ.

(אין פאַל פון אַ קליינעם עולם איז געווען צוגעגרייט אַן אַנדערער שמועס).

— ס׳אי ביטער, נישטאָ קיין דריי מנינים מענטשן.

— נישט קיין ווינדער, באַ אַזאַ רעגן.

— נו, וואָס זאָגסטו, חכם פון דער מה נשתנה? נישט בעסער געווען צו זיצן אין באָראָדטשן?

— איי, איי, איי, ביסמאַרק־קאָפּ! איצטער ביזטו אַ חכם, און וואָס האָסטו דאָרט אַרומגערידערט?

(דעם דאָזיקן טעקסט איז קיין מאָל נישט אויסגעקומען צו נוצן)

יאָזעפינע

(לעבן פּירהאַנג) טאַטע, טאַטע, מען קאָן שוין אָנהייבן?

דירעקטאָר

(פון זאַל) איין מינוט, עך גיב נאָר אַ קוק אין קאַסע. (לויפט צו צו דער טיר, רופט אַרויס) וואָס הערטצעך? מען קויפט נאָך בילעטן? (צו יאָזעפינען) עס שטייט נאָך אַ מענטש אין קאַסע. וואַרט, ס׳גייט נאָך אַ פרוי. דאַכצעך אַהער. זי אַלטצעך זייער. גיב דעם דריטן קלונג!

יאָזעפינע

כ׳האָב שוין געגעבן דעם פּיפטן.

דירעקטאָר

טאָ גיב נאָך איינעם, אַ לאַנגן!

(פרוי אין אַ מאַנטילע און אַ הויכן הוט מיט פעדערן פאַלט אַריין, צעזעצט זיך ברייט)

דירעקטאָר

ענשולדיגען זי, מאַדאַם, זאַט אַזוי גוט, טיט אויס דעם הוט און די מאַנטילע.

פרוי אין הוט

אַ שוואַרצער ווייסטער חלום אויף אייער קאָפּ, אויף אייערע הענט און פיס, אויף אייער לאַב און לעבן. האָסטו געהערט? עך טי אָן דעם נייעם הוט און די נייע מאַנטילע, וואָס די פרוי הויפטמאַן האָט געבראַכט פון ווין, וויל ער, עך זאָל אויסטין? און וואָס זאָל עך טין דערמיט? אפשר געבן אַך צו באַהאַלטן? אָט לויף עך אַך שוין געטרויען, אַזאַ האָלאַק!

דירעקטאָר

איר וועט אָבער פאַרשטעלן אַנדערע.

פרוי אין הוט

**רעגנט מער אַראָן. זאָלן זיי אַלע זען מאַן נייעם הוט מיט דער נייער מאַנטילע און זאָלן זיי אַלע צעפּלאַצט ווערן פאַר קנאה.**

דירעקטאָר

**אַזוי קאָנט איר דאָ נישט בלאַבן.**

פרוי אין הוט

**איז נישט (קוקט זיך אַרום) סייווי איז די גדליכע נישטאָ, זי כאָליעט אין דער היים. דאַרף עך האָבן אייער טיאַטער אויף טישעניינציק כפרות. גיט מער אָפּ די גראַצערס, גיי עך מער. האָסטו געהערט, נאַ דיר אַ יידיש טיאַטער. אויסטין זאָל עך מעך! אַנדערש איז ער נישט געווינט באַ זאַן טאַטן דעם בעדער!**

דירעקטאָר

**הענריעטע, גיב איר אָפּ דאָס געלט און זאָל זי זעך גיין.**

פרוי אין הוט

**אַז גיין זאָלט איר איבער די האַזער, טאַטע דערבאַרעמ־דיקער אין הימל! (אָפּ)**

(זשאַנדאַר און פּאָליציייניק קומען אַריין)

פּאָליציייניק

**פּאַניע וואַכמייסטער, פּאָזוואָלטע, טוטקא יע זשידאָוו־סקי טעאַטער, טוטקאַ פּאַני דירעקטאָראָוואַ אַ טאַם... דאָנקאַ.**

זשאַנדאַר

(רעדט מיט אַ טשעכישן אַקצענט, מיט אַ האַרטער „כ״) **אַוסגעצייכנעט. יאַ סעם נע ווידיעל זשידאָווסקע דיוואַדלאָ** (צו דער דירעקטאָרשע) **איך כאַבע די ערע מיך פּאָרצו־שטעלען: וועןצעל ווידרוויוואַל, ק.ק זשאַנדאַרמערי־וואַכ־מייסטער, פּאָן כייטע שטאַציאָנירט כיר. קיס די כאַנט, מאַדאַם** (גיט איר אַ קניפּ אין באַק).

דירעקטאָרשע

(אויפגעבראַכט) **רודאָלף!**

דירעקטאָר

(לויפט צו) **געשטאַטען, הער וואַכמייסטער** (ווייזט אים אָן אַ פּלאַץ).

דירעקטאָרשע

**וואָס ס׳האָט זיך מיר געחלומט די נאַכט און יענע נאַכט**

און אַלע נעכט פון אַ גאַנץ יאָר, זאָל אויסגיין צו זאַן קאָפּ, צו זאַנע הענט און פיס, טפו! (שפייט אויס)

דירעקטאָר

(גייט אַרויף אויף די ברעטער פאַרן פירהאַנג. פאַרנייגט זיך).

„מיינע דאַמען אונד הערען! האָכפערערטעס פובליקום! אים נאַמען פאָן אונזערער טרופע האַבע איך די ערע צו בעגריסען די האָכוואָלגעבאָרענע געסטע, וועלכע האַבען אונץ בעערט מיט אירער אַנוועזענהייט. איך בעגריסע די אַנגעהעריגע פאָן אונזער גלאָררייכער אַרמיי, דער פער־דינסטפאָלער זשאַנדאַרמערי, פליכטטרייער פּאָליציי, די שטעטישע האָנאָראַציאָנען מיט דעם הערן פרעזידענט דער היזיגען איזראַעליטישען קולטוס־געמיינדע אַן דער שפּיצע.

מיינע דאַמען אונד הערען! וויר טרעטען אויף הייטע צום ערשטען מאַל אין דיזער שטאַט אונד איך האַלטע עס פיר מיינע פליכט פאָרצושטעלען פאַר אינען די טרופע פאָן מיינער דירעקציאָן. מאַנכע פאָן אינען האַבען אונז געזעהען שפּילען אין אַנדערע שטעטע, מאַנכע האַבען געוויס געהערט פאָן דער וועלטבערימטער דייטש־יידישער אָפּערן־אָפּערעטען־דראַמען־ אונד קאָמעדיען־טרופּע די־רעקציאָן רודאָלף טאַנענצאַפּ.

יאַרעלאַנג האַבען וויר געשפּילט אין דער אַלטער ערוויר־דיגער קייזער־שטאַט ווין. די גרעסטע קאַפּאַציטעטן, די אַנגעזעהענסטע לייטע האַבען אונז בעזוכט אין דעם קאָשערען רעסטאָראַן „טאָנעללאָ" אין דער אויגאַרטן־שטראַסע, אין קאַפע „שטערן" אין דער טאַבאָר־שטראַ־סע, אונד ענדליך אים גראָסען טעאַטער־זאַל דעם האָ־טעלס „סטעפאַני" אין דער פּראַטער־שטראַסע. די בע־דייטענדסטע שוישפּילער פאָן יידישן אונד דייטשען בי־נען האָבן ביי אונז געשפּילט. דער גרעסטער קינסטלער פאָן דער וועלט, דער שטאָלץ פאָן אונזער נאַציאָן, אַדאָלף ריטער פאָן זאָנענטאַל, וואַר אונזער גאַסט. איר אַלע, מיינע דאַמען און הערען, וויסט, ווער דיזער גראָסער מאַן וואַר. איין אַרמער בודאַפּעסטער שניידער־געזעלע, וואַס איזט געוואָרדען דער גרעסטער שוישפּילער אַלער צייטען אונד פעלקער און פאָן זיינער מאַיעסטעט דעם קייזער ערהאָבען אין דען אַדעלשטאַנד.

אַבער ניכט נור ווין וואַר די שטעטע אונזערער טריומפע,

אין די גרעסטע אָרטשאַפטען פאָן אונזער מאָנאַרכי: טשערנאָוויץ אונד ביעליץ, קראַקאַו אונד לעמבערג, דראָ־האָביטש אונד באָריסלאַוו, פשעמישל, סטרי, סטאַניס־לאַו, טשאָרטקאָוו אונד בוטשאַטש, איבעראַל האַבען וויר געשפילט מיט דעם גרעסטען ערפאָלג.

ליטוואַק

אין סוּוואַלק זעיט איר עיך געוועזן?

דירעקטאָר

וויר האַבען אַבסאָלווירט גאַסטשפּיל־רייזען נאַך רוסיש־פּאָלען אונד בעסאַראַביען, רומעניען אונד פראַנקרייך, ענגלאַנד אונד אַמעריקאַ. וויר האַבען אויפגעפירט די בערימטעסטע שטיקע: פאַוסט פאָן געטע, באַר קאָכבאַ פאָן גאָלדפאַדען, שיילאָק פאָן שעקספּיר, שילער פאָן רייבער, פאַרדאָן, רייבער פאָן שילער, עזרא דער עוויגע יודע פאָן לאַטיינער, טיסאַ עסלאַר פאָן פּראָפעסאָר האָ־ראָוויץ.

מיינע דאַמען אונד הערען! הייטע געבען וויר צום ער־שטען מאַלע די וועלטבערימטע דראַמאַטיש־קאָמישע אָפּערעטע מיט געזענגע אונד טענצע: דער פאַנאַטיקער אָדער דיביידע קוני־לעמל פאָן אַבראַהאַם גאָלדפאַדען, מוזיק פאָם פערפאַסער זעלבסט. די בעסטע קרעפטע פאָן אונזער טרופּע טרעטען אויף. די הויפּטראָלע חיהלע גע־נאַנט קאַראָלינע שפּילט מיין געליבטע פרוי, מאַדאַם הענריעטע טאַטענצאַפ, פאָן צו הויזע זאַלצוואַסער, די טאָכטער פאָן בערימטען משכיל אונד דירעקטאָר דער באַראָן־הירש־שולע אין קאָלאָמעאַ, יאַרעלאַנג איינע צירדע פאָן דייטשע, עסטרייכישע אונד אונגאַרישע בינען. די טיטעלראָלע קוני לעמל קרעירט מיין יינגערער שווי־גערזאָן, דער געמאַל פאָן מיין געליבטער טאָכטער עליזאַ־בעט, דער ערשטער שילער פאָן דער ווינער קייזערליך־קעניגלעכער דראַמאַטישער אַקאַדעמיע. אין דער ראָלע פאָן סטודענט מאַקס טרעט אויף מיין עלטערער שוויגער־זאָן, דער געמאַל פאָן מיין עלטערער טאָכטער יאָזע־פינע, סטודענט פאָן דער טשערנאָוויצער אוניווערזיטעט. זי אַליין, יאָזעפינע זאָל לעבן, ווירד אויפטרעטען אין דער ראָלע פאָן ליבעניו, דער טאָכטער פאָן קלמן שדכן, איינע שילערין פאָן דער וועלטבערימטער אָפּערעטען־דיוואַ מיצי האָפענשטאַנגעל. די ראָלע פאָן ר׳ פנחסל קראַקויער שפּילט הער פאָגעלפּוטער. ער געהער צוואַר

ניכט צו אונזער פאַמיליע, אַבער דעסען אונגעאַכטעט איז ער איין גלענצענדער שוישפּילער איינסט איין לערנער אין דער סלאָבאָדקער ישיבה, האַט ער איינעס שענעס טאַגעס געשווערצט די גרענצע אונד אַנגעצאָגען פאָן דעם מעכטי־גען קוליסען־צויבער בעטרעטען די ברעטער, די די וועלט בעדייטען. יעצט איז ער מיטגליד פאָן אונזער טרופּע צוזאַמען מיט זיינער געמאַלין פרוי אויגוסטאַ פיילכענ־דופט, וועלכע שפּילט די ראָלע פאָן רבקה, רעב פּנחסלס פרוי, איינס איינע גלאַנצראָלע פאָן מיין ערשטער גאָט־זעליקער פרוי, זי זאָל זיך מיען פאַר אינץ אַלע. קלמן שדכן ווירד געשפּילט פאָן מיין איינציגען זאָן, דעם קאָמיקער ראָלף טאַן, דעם שטערן פאָן גראַצער שטאַט־טעאַטער, טעאַטער אַן דער ווין אונד פילע אַנדערע ערשטקלאַסיגע בינען.

ליטוואַק

קעין עינע האָרע, אַ גרעיסע מיספּאָכע באַ אייך.

דירעקטאָר

אויך אַנדערע ראָלען זינד גלענצענד בעזעצט. אויסערדעם פּערפיגען וויר איבער איינען אויסגעשולטען כאָר, אויס־געצייכענטען באַלעט, דעקאָראַציאָנען אונד קאָסטימע. מיינע הערשאַפטען! איך הייסע זי ווילקאָמען אין אונ־זערער מיטע אונד ווינשע אינען איינע גוטע אונד אַנגע־נעמע אונטערהאַלטונג.
הער קאַפּעלמייסטער, ביטע!"

(דער דירעקטאָר דערלאַנגט די האַנט דעם פידלער, וואָס גייט אַרויף מיטן פידל און סמיטשיק אין דער האַנט אויף די ברעטער פאַרן פירהאַנג און פאַרנייגט זיך פאַרן פּובליקום. ער גייט אָנגעטון אין אַ סאַמעטן רעקל און אַ ברייטן געבונדענעם „שמעטערלינג"־קראַוואַט מעשה קינ־סטלער. ער שטעלט זיך אַוועק גראַציעז, נעמט דעם פידל אונטערן האַלדז אויף אַ ווייס טיכעלע. דער דירעקטאָר גייט אַראָפּ מיט אַ פאַרבייג. דער פידלער נעמט שטימען די סטרונעס. פון זאַל הערט זיך:)

— אַ גאַנץ גוטער קלעזמער, ניין?
— מ'קען גאָרנישט וויסן.
— ווייזט אויס אַן אָרנטלעך מענטשל.
— כ'האָב אים אַמאָל געהערט אויף אַ חתונה.

(דער פידלער שפּילט „המבדיל", פון זאַל זינגט מען מיט):

**המבדיל בין קודש לחול**
**חטאתינו ימחול**
**זרענו וכספנו ירבה כחול**
**וכוכבים בלילה.**

**דער פּירהאַנג רוקט זיך פונאַנדער. קיין דעקאָראַציעס אָדער קוליסן פוןביידע זייטן זענען נישט פאַראַן. אויף דער הינטערשטער וואַנט אַ באַמאָלטע לייוונט מיט אַ טיש, פלעשלעך, גלעזער, טעלער, לעפל, גאָפּלען מעסערס. ביי ר׳ פּנחסל. חסידים זינגען, טאַנצן אונטער, פּליעסקען מיט די הענט.**

**חסידים**

(זינגען)
מיר יהודימלעך
כשרע חסידימלעך
פאָלגן זיין ליבן נאָמען, זאָגטזשע יאָ!
דער רבי איז אונדזער חיות,
אָבער די הולטאַיעס
ווייסן נישט פון דעם תענוג אָ.
אוי, אוי, אוי, אוי
שבת, יום־טוב פאַרשטערן זיי זיך אַליין,
ס׳איז איבעריק, זאָגן זיי, ס׳איז נישט שיין.
אוי, אונדז איז גוט,
אַ יעדע מינוט
איז דאָ אַ סעודהלע,
דאָס פלאַשקעלע
מיט דעם משקהלע
און דערצו אַ לידעלע.
אוי, עסטזשע, טרינקטזשע, לעקטזשע, נאַשטזשע,
זיפּטזשע אַלע אָן אַ מאָס,
זינגטזשע, טאַנצטזשע, שפּרינגטזשע, העפּטזשע,
פון גאָטס וועגן דאָס.
אוי, אוי, אוי, אוי.

**אַ גוטע וואָך, ר׳ פּנחסל! דער אייבערשטער זאָל העלפן גיך און געשווינד ביי אייער טעכטערל אויף אַ קנס־מאָל!**

**פּנחסל**

גייט געזונטערהייט, **אַ גוטע וואָך, אַ גוט יאָר!** (חסידים אָפּ. פּנחסל רייבט זיך די הענט) **נאָ, דאַנקען גאָט! האָבן מיר שוין מלווה מלכה**

אויך געווען. מאַכטייסע, פאַר וואָס דען נישט? איין מאָל אין דער וואָך האָט מען דאָס שטיקעלע תענוג פון דער מלווה מלכה, מען נעמט טאַקע דערביי אַ יידיש וואָרט אין מויל אַריין. זייער ווייל, זייער ווייל! אָט זענען זיי אַוועקגעגאַנגען און האָבן מיר צוגע־ווונטשן „איך גיכן ביי אייער טעכטערל אויף אַ קנס־מאָל”. ביי מיין טעכטערל אויף אַ קנס־מאָל! אוי, איך וואָלט עס אפשר טאַקע געקאָנט דערלעבן. נאָר ווען זשע? ווען איך זאָל זי קאָנען חתונה מאַכן מיט איינעם פון אונדזערע לייט, דאָס הייסט מיט אַ כשרן! וואָס טוט מען אָבער, אוי, אוי, אַז זי וויל נאָר אַ טריפענעם?

משה

**האָט מעך טאַקע געטראָפן אַן אומגליק!**

**פנחסל**

מילא, דאָס וואָס זי וויל, וואָלט מיך נאָך אַזוי פיל נישט געאַרט, ווייל איך האָב אויך אַ דעה, איך בין נאָך אויך אַ טאַטע ביז הונדערט צוואנציק יאָר. ביטער איז מיר, וואָס איר מוטער אַליין האָט זי קאַליע געמאַכט מיט דעם וואָס זי האָט זי געלאָזט לערנען ביי דעם לערערל דעם דייטש, וואָס ער שטאַמבירט אין די שקאָלעס. און פאַר איר איז אַלצדינג רעכט. וואָסזשע קאָן איך מאַכן? שריי היינט, שריי מאָרגן, שריי, שריי, שריי...

**רבקה**

(קומט אַריין) וואָס, שוין ווידער געשריגן, פנחסל?

**פנחסל**

ניין, ניין, איך שריי שוין נישט. אַז דו ביזט דאָ, גיב איך דיר איבער די מלאכה. דו קאָנסט דאָך בעסער שרייען פון מיר. טאָ שרייזשע דו ביז הונדערט צוואַנציק יאָר...

**רבקה**

יאָ, איך וועל טאַקע שרייען. און פאַר וואָס זאָל איך נישט שרייען? אַז דו זעסט, אַז דאָס קינד איז עפּעס נישט מיט אַלעמען און דיך הייבט עס נישט אָן צו אַרן, געטרייער טאַטע מיינער!

**פנחסל**

אַזוי? דאָס קינד איז נישט מיט אַלעמען? נו, שיקזשע אַריינרופן איר מאַקיסלן דאָס לערערל, וואָס ער שטאַמבירט זי, וועט זי שוין האָבן אַ רפואה שלימה...

**רבקה**

קוק עס נאָר אָן מיין פרומען חסידישן מאַן!

**פנחסל**

הערזשע אויס, רבקה, איך ווינטש מיר נישט צו זיין קיין שותף מיט דיר אויף יענער וועלט, וואָס מען וועט דיר דערפאַר טון.

וואָרום דו, נאָר דו אַליין האָסט דאָס קינד קאַליע געמאַכט. דו האָסט זי אויפגעצויגן אויף דיין סטרי און נאָר דורך דיר איז זי געוואָרן אויסגעלאַסן!

רבקה

אויסגעלאַסן? צו דיין קאָפּ, דו משוגענער חסיד!

פּנחסל

הייסט דאָס נישט אויסגעלאַסן, אַז זי ווייסט שוין גאָר צו שפּילן ליובקעס, און נאָך מיט וועמען? מיטן יאָקטערס סינאָק! אַ יחוס אַ גרויסער, יאָקטער בן יאָקטער!

רבקה

נו, און דיר שטייט עס נאָך אפשר נישט אָן?

פּנחסל

ניין, רבקה! זאָג נאָר, מיין טייערע פּלוניתטע, איידער מיר האָבן חתונה געהאַט, האָבן מיר אויך געשפּילט — ווי זאָגט מען עס — אָט אין די פּאַרליבענישן? זאָל מיך גאָט שומר ומציל זיין! איך ווייס, כ'האָב דיך פריער נישט ליב געהאַט און כ'האָב דיך היינט אויך נישט ליב.

משה

**יענטע, הערסט ווערטער!**

פּנחסל

נו, שאַט עס מיר עפּעס? בין איך דען ניט ברוך השם אַ שיינער ייד? אַ שיינער עושר? גאָר אָן ליבע שמיבע, האַ? איך וואָלט נאָר געוואָלט געוווסט, צו וואָס טויגן זיי גאָר אין גאַנצן אָט די פּוסטע זאַכן, איך מיין — ווי רופט מען זיי — אָט די פּאַרליבענישן? אדרבא, צו וואָס קומט עס צו נוץ? צום מסחר? מען קען עפּעס פאַרדינען געלט פון דעם? צי עס טראָגט עפּעס אַ פּראָצענט? באמת טאַקע, וואָס?

רבקה

גיי צו אַלדע שוואַרצע יאָר, דו משוגענער חסיד! ביי דיר, אַבי קיין מסחר, טויג ניט, אַבי דו פאַרדינסט ניט, קומט עס ניט צו נוץ. פונדעסטוועגן איז נאָך דאָ אַזוינע צייטן, וואָס דו גיסט אַוועק דיין געלט גאָר אומזיסט און נאָך מיט אַזאַ שמחה — אָט ווי למשל דעם רבין דיינעם...

פּנחסל

רבקה! מיט דיינע טריפהנע ליפּן זאָלסטו מיר נאָר דעם רבין נישט דערמאָנען! וואָרום ווי קאָנסטו גאָר וויסן, וואָס אַ רבי באַטייט? ביסט דאָך נישט מער ווי אַ זינדיקע בהמה...

רבקה

אַוודאי בין איך אַ בהמה, אַז איך דאַרף לערנען שכל ביי אַזאַ אַלט פערד ווי דו ביסט...

פּנחסל

האַ? אַ שיינעם כבוד האָב איך דערלעבט? צווישן אַזוי פיל מענטשן רופסטו מיך פערד! איך, וואָס בין אין דער גאַנצער שטאָט באַקאַנט פאַר אַזאַ גרויסן...

משה

אָקס!

רבקה

יאָ, אָקס.

פּנחסל

פאַר אַזאַ גרויסן עושר — האָב איך געוואָלט זאָגן. היינט פאַרגעסט נישט, אַז איך בין געווען ביים רבין גבאי און אַרום מיר פלעגן טאַנצן אַזוי פיל...

משה

פערד!

רבקה

יאָ, פערד...

פּנחסל

ניין, חסידים! (צום פּובליקום) נו, וואָס זאָגט מען צו איר? ס'איז ביי איר גאָר אַלץ איינס חסידים מיט פערד!

משה

אַזוי איז עס.

פּנחסל

נאָר וואָס האָב איך מיט דיר צו טענהן? אויסקלויבן אַ חתן פאַר אונדזער טעכטערלס וועגן, דאָס איז...

רבקה

מיין עסק...

פּנחסל

ניין, דאָס איז מיין עסק, לאָז מיך אויסרעדן, כאַפּ ניט אויס! איך וועל איר געבן אַ חתן וואָס גאָט און לייט וועלן אונדז מקנא זיין. קלמן שדכן האָט מיר געזאָגט, אַז ער וועט נאָך היינט זיין ביי מיר, ער האָט פון מיינעטוועגן אַ חתן, איך זאָג דיר, אַ חתן, אַ מין...

רבקה

פליאַסקעדריגע...

פנחסל

ניין, אַ מין אבן טוב. זעסטו, רבקה, אָ דאָס...

רבקה

ועסטו האַלטן פון דיינעטוועגן. און דו ווייסט דאָך, אַז תמיד בלייבט מיין דעה...

פנחסל

כאַפּ נישט, רבקה, לאָז מיך רעדן...

רבקה

איך וועל אונדזער טעכטערל געבן אַ חתן, אַזעלכן ווי איר וועט געפעלן, נישט אַזוינעם וואָס דיר וועט געפעלן. און מן הסתם וואָס איר וועט געפעלן, וועט דאָך מיר אויך געפעלן, איי דיר וועט נישט געפעלן, נו...

פנחסל

נו, וועט דאָך טאַקע גאָר נישט זיין, ווייל די גאַנצע דעה איז דאָך...

רבקה

נאָר ביי מיר, ביי מיר (אָפּ)

פנחסל

ניין, ביי מיר, ביי מיר!... טפו! נו! (צום עולם) וואָס זאָגט איר צו מיין פלוניתטע? אָט האָט זי אויסגעכאַפּט אין גאַנצן און איז אַנטלאָפן געוואָרן.

ליטוואַק

סאַראַ ווייבל אַ קאָזאַק!

פנחסל

אוי, אַ קאָזאַק. וואָס טוט מען מיט איר?

ליטוואַק

מען סמעיסט זי אָפּעט.

פנחסל

שלעכט! איך ווייס וויל, אַז זי נעמט זיך עפּעס אין קאָפּ אַריין, איז פאַרפאַלן. נאָר איך וועל זי דען הערן? איך וועל מיר לאָזן פאַרפלעקן מיין משפחה אָט מיט דעם דאָקטערס סינאָק, וואָס דאַרף באַלד קוועטשן אַ דופק. ניין, מיינער וועט בעסער...

משה

קוועטשן די באַנק.

פנחסל

יאָ, קוועטשן די באַנק. זאָל נאָר קומען ר' קלמן שדכן, וועל איך גאָר קיין שאלות נישט פרעגן און וועל צוקלאַפּן אַ מזל-טוב!

קלמן

(קומט אַריין) יאָ, יאָ, אַ מזל טוב, אַ מזל טוב, כאַפּטזשע ניש!

פּנחסל

אַ ברוך הבא, אַ ברוך הבא, ר׳ קלמן. טאַקע גוט וואָס איר זענט געקומען. אָט ערשט האָב איך אייך דערמאַנט. איך רעד דאָ צו מיר אַליין און טראַכט זיך, אַז...

קלמן

אַז וואָס כאַפּטשע ניש, אַז מן הסתם אַז קלמן שדכן מישט זיך אַרייך, איז דאָך גוט. וואָרום קלמן שדכן וועט דאָך צווישן פּראָסטע מענטשן קיין שידוך נישט אויספירן. איך בין מיך נאָר מתעסק מיט גוטע יידן און מיט רבנים. נאָר ווייל איר זענט ר׳ פּנחסל, האָב איך אויסגעזוכט פאַר אייערטוועגן אַ חתנדל כאַפּטזשע ניש, זאָג איך אייך, גאָר אַן אַנטיק. פאַרגעסט ניש, אַ יונגערמאַן, וואָס ווייסט מער נישט, נאָר גאָט און ציצות און דעם רבין כאַפּט ניש, און אַ גאַנצן טאָג טרעט ער נישט אַרויס פונעם רבינס קלייזל, כאַפּט ניש, וואָרעם צורת מטבע ווייסט ער דען? הלוואי גאָט זאָל מזכה זיין אַלע חסידים מיט אַזוינע קינדער כאַפּט ניש!

פּנחסל

איך וועל אייך זאָגן, ר׳ קלמן, איר ווייסט דאָך, אַז מיין טעכ־טערל, חיהלע, איז ביי מיר אַ...

קלמן

אַ בת יחידה כאַפּט ניש...

פּנחסל

און איך גיב איר טויזנט...

קלמן

טויזנט רענדלעך נדן כאַפּט ניש.

פּנחסל

און איר אַליין וועט זיך אויך נישט נאַרן, איר וועט אויך כאַפּן...

קלמן

אַ שיין שדכנות־געלט, כאַפּטזשע ניש.

פּנחסל

רבונו של עולם, כאַפּטשע ניש און כאַפּטזשע ניש און אַליין כאַפּט איר אויס אין גאַנצן.

קלמן

איר זאָגט דאָך אַליין, אַז איך וועל כאַפּן אַ שיין שדכנות־געלט, אַבי איך זאָל אייך נאָר געבן, וואָס איר מיינט, און איך ווייס...

פנחסל

אָ, אָ, אָ!

קלמן

אָ, אָ, אָ, כאַפּטזשע ניש, אָט דאָס זאָג איך דאָך אייך, אַז איין קוני לעמל איז דאָ אויף דער וועלט און אייך איז עס באַשערט די כשרע מציאה אויסצוכאַפּן, כאַפּטזשע ניש. בע, ער איז נישט אַזוי שיין צי ווייס איך, ער האָט אַ פּאָר קליינע חסרונים־לעך. פאַרגעסטזשע אָבער ניש, ווער דער פאָטער זיינער איז. עפּעס אַ קלייניקייט, ר׳ שלומוניע! ראשית, איז ער ביים רבין גבאי כאַפּט ניש! שנית, איז ער אין שטאָט פּרנס חודש כאַפּט ניש! והשלישית, זענען אַלע שלישית־געלטער ביי אים איינ־געלייגט. און ווען עס געראָט אים נאָך אַצינד צו ווערן גבאי אין שול...

פנחסל

אָ, אָ, אָ...

קלמן

אָ, אָ, אָ, כאַפּט ניש!

פנחסל

יאָ, כאַפּט איר נאָר נישט. אין מחשבותן, איר האָט מיר אַזוי פאַרשלאָגן דעם קאָפּ, אַז כ׳האָב אייך עפּעס געוואָלט פרעגן און האָב פאַרגעסן... יאָ, וואָס האָט איר עפּעס פריער געזאָגט חסרונות?

קלמן

כאַפּטזשע ניש! הערט איר, דערפאַר וואָס איר כאַפּט אַזוי און לאָזט מיך נישט אויסרעדן, דערפאַר הערט איר דאָך ניש. ווער האָט אייך דען חלילה געזאָגט חסרונות? איך האָב געזאָגט, אַז ער האָט אַ פּאָר קליינע חסרונימלעך. ווייס איך, עפּעס דערזעט ער נישט אויפן לינקן אויג, ס׳הייסט אויפן רעכטן זעט ער אַ סך בעסער. איז דאָך שוין גוט כאַפּט ניש. צי ווייס איך דאָרט, ער הינקט צו אַ ביסל אויף איין פוס, דער־פאַר גייט ער אויפן אַנדערן, שוין אַזאַ יאָר אויף מיר. צי ער רעדט אַ ביסל היקעוואַטע, ס׳הייסט ער רעדט פּאַוואָליע. ער כאַפּט ניש. אָט דאָס איז אין גאַנצן. ווייטער איז דאָס אַ קוני לעמל, אַזאַ יאָר אויף אַלע חסידים, חוץ שוואַרצקייט, פאַר־געסטזשע אָבער ניש, ר׳ פנחסל, ר׳ שלומוניעס זון...

פנחסל

יאָ טאַקע ר׳ שלומוניעס זון, אָבער...

קלמן

אָבער וואָס? כאַפּט ניש! איר זאָלט מאַכן פון אַזוינע נאַריש־קייטן אַ צימעס? ווייזטזשע מיר, ר׳ פנחסל, ווו שטייט דען ערגעץ אין שולחן־ערוך, אַז אַ ייד דאַרף זען אויףביידע אויגן אָדער גיין אויף ביידע פיס צי דעסטגלייכן, ער רעדט אַ ביסל טשעפּעליעווע, נו, זאָגן דען אונדזערע מוסר־ספרים, אַז אַ ייד דאַרף רעדן גלייך? אַ ייד דאַרף נאָר וויסן, אַז ער איז אַ ייד און ווייטער דאַרף אים גאָרנישט אָנגיין. איך זאָג אייך, ר׳ פנחסל, כאַפּט ניש, מאַכט ניש קיין סך שהיות און כאַפּט אויס דעם אבן טוב, כדי מען זאָל אים ביי אייך ניש אויסכאַפּן, כאַפּט ניש!

פנחסל

מילא, ביי מיר האָט איר שוין געפּועלט. איך קוק מיך נישט צו צו די שטותים. ביי מיר איז נאָר דער עיקר, אַבי ער איז אַן ערלעכער ייד, אַ בעל יחוס, איז שוין גענוג פאַר מיר. וואָס טוט מען אָבער מיט מיין פלוניתטע און מיט מיין טעכטערל? זיי וועלן דאָך אַוודאי...

קלמן

פּילדערן און שרייען? כאַפּטזשע ניש! וועלן מיר אַזוי טון: איך וועל אַוועקשרייבן אַ בריוו צו ר׳ שלומוניען, אַז דער זון זיינער, קוני לעמל, זאָל פריער פאַרפאָרן צו מיר און איר וועט אים ביי מיר מקבל פּנים זיין. נאָר מען דאַרף זען די זאַך אָפּאַרבעטן פּאַוואָליע, וואָרעם פון געכאַפּטע זאַכן קומט קיין גוטס ניש אַרויס. האָטזשע מיר אַ גוטן טאָג און זייט מיר געזונט און כאַפּט ניש!

משה

אַ רוח אין זאַן... איז ער געביפּט.

פנחסל

גייט געזונטערהייט און כאַפּט איר נאָר נישט (קלמן אָפּ).

פנחסל

נו, אַזוי וועט שוין זיין רעכט. אָט דאָס האָב איך טאַקע געמיינט און אַזוי וועט עס טאַקע בלייבן. (רבקה און קאַראָלינע קומען)

רבקה

גיי, מיין טאָכטער, גיי, וועסטו זיך אַ ביסל דורכשפּאַצירן אויפן בולוואַר, וועסטו כאַפּן אַ ביסל פרישע לופט.

פנחסל

פרישע לופט כאַפּן! זע נאָר, טאָכטער, זאָלסט דאָרט נישט כאַפּן קיין אַלט געבאַקענע לופט...

רבקה

לאָ זי גייַן. איך האָב בלויז מיט דיר עפּעס צו טענהן.

פּנחסל

אַהאַ, דו האָסט מיט מיר עפּעס צו טענהן, קומזשע אַרייַן אין אַן אַנדער חדר. וואָרעם איך קען דאַך דיך, אַז דו קאָנסט מיט מיר נישט אויסרעדן קיין צוויי ווערטער, דו זאָלסט מיך פריער נישט אָפּזידלען פון קאָפּ ביז די פיס. לאָזנזשע כאָטש פרעמדע מענטשן נישט הערן, וואָס פאַראַ כבוד איך האָב ביי דיר. עס איז גאַנץ געגוג, אַז איך הער עס. (פּנחסל און רבקה אָפּ)

משה

גייט אַך ביידע געזונטערהייט צו אַלדע שוואַרצע יאָר!

נגיד

שאַ, ייִנגאַטש איינער, שוואַג!

משה

אַט לויף עד אַך פּאָלגן.

נגיד

עזות פּנים וואָס דו ביסט!

משה

וועט איר מעך נישט נעמען פאַר קיין איידעם. אַ סוף. לאָמער הערן אַ לידל! אַ פריילעכס!

יענטע

אַ טרויעריקס!

קאַראָלינע

(גייט אַרויס פאַרן פירהאַנג, וואָס ווערט פאַרצויגן. זי זינגט)

שטעלט איך פאַר אַ מענטש אין אַ פינצטערן חדר
און פאַרשלאָסן דאָרט כסדר,
פון קינדווייז אָן איז אַלץ פאַר אים פאַרשטעלט,
ער קאָן נישט זען פאַר זיך די ליכטיקע וועלט.
פּלוצעם עפנט מען אים אויף די טירן
און ער דערזעט פאַר זיך די ליכטיקע שיין,
אַ ניי געפיל הייבט זיך אָן אין אים צו רירן,

אַ ניי לעבן הויכט ער אין זיך אַריין,
און פּלוצעם שליסט מען צו פֿאַר אים די טיר
„דאָס ליכט איז שיין — זאָגט מען — נאָר נישט פֿאַר דיר".

אויפֿגעוואַקסן בין איך אין פֿינצטערע מויערן,
פֿון פֿאַנאַטיקער בין איך געבוירן,
פֿינצטער איז מיר געווען יעדע מינוט,
איך האָב מיך איינגעוווינט און געמיינט, אַז דאָס איז גוט,
אַרויס בין איך אין גאָרטן אין דעם זיסן,
פֿון בילדונג האָב איך דערשמעקט די זיסע לופֿט,
איך האָב אָנגעהויבן קענטעניש צו געניסן,
דערקוויקט האָב איך מיך מיט דעם פֿרישן דופֿט.
„די לופֿט איז פֿריש — זאָגט מען נאָר נישט פֿאַר דיר".

צווישן חסידים בין איך דאָך דערצויגן,
בלינדע מענטשן געזען פֿאַר די אויגן,
איך בין אַ קינד איך ווייס? איך רעד מיר איין,
אַז אַזוי דאַרפֿן אַלע מענטשן צו זיין.
פּלוצעם ווי האָב איך געמעגט מיך שעמען
צו דערזען אַ שיין געבילדעטן מאַן.
מיט זיין אָרנטלעך און פֿיינעם באַנעמען
גיסט ער ליבע מיר אין הערץ אַריין.
אַ מענטש איז דער, איך ליב אים, גיט אים מיר
„אָ, ער איז פֿיין — זאָגט מען — נאָר נישט פֿאַר דיר".

משה

**יענטע, ביסט אַ מבין!**

יענטע

**דאָס לידל געפֿעלט מער נישט.**

**ווען דער פּירהאַנג רוקט זיך פֿונאַנדער הענגט אויף דער הינטערשטער וואַנט אַ לייוונט באַמאָלט מיט אַ גאָרטן**

**סטודענטן**

(זינגען)

איצט וועלן מיר רוען
נאָך אַזאַ מיען,
איצט הייבט זיך אָן אַ יאָר אַ נייס,
מיר האָבן צוזאַמען

אונדזער עקזאַמען
עבן געענדיקט אַלע מיט פּלייס.

**איינער**

אַ דאַנק פאַרגעסט נישט די פּראָפעסאָרן,
וואָס האָבן מיט אונדז געלערנט אַ צייט,
געבילדעטע זענען מיר דאָך געוואָרן,
מיר הייסן דאָך שוין געלערנטע לייט.

**סטודענטן**

איצט וועלן מיר רוען... אַאַז״וו.

**אַ צווייטער**

וויפל נעכט מיר האָבן נישט דערשלאָפן, דערגעסן,
מיר האָבן נאָר שטודירט און שטודירט,
דאָס ווערט אָבער אַלץ שנעל פאַרגעסן,
פאַר דעם וואָס מיר האָבן פּראָפיטירט.

**סטודענטן**

איצט וועלן מיר רוען... אַאַז״וו.

**איינער**

נו, מאַקס ביסט נאָך אַלץ צעטראָגן וועגן דיין ליבע ?

**מאַקס**

איך בין ווירקלעך אין אַ פאַרלעגנהייט, אַז אַזאַ גילדן קינד ווי קאַראָלינע איז זאָל איינשטיין ביי אַזאַ חסיד אַ גביר ר׳ פּנחסל. איר ווייסט, קינדער, אַז מען האָט מיר שוין דאָרט די שטונדע אויך אָפּגעזאָגט ? איך טאָר שוין אַהין נישט קומען.

**נגיד**

**אַ מצווה אויף דיר !**

**סטודענטן**

**אָ, שאַדע !**

**מאַקס**

מיר טוט שוין אַזוי נישט באַנג די שטונדע וואָס איך האָב פאַרלוירן, נאָר שאַדע דאָס קינד. איך האָב שוין מיט איר דורכגעלעזן אַלע קלאַסיקער. ווי ווויל זי פאַרשטייט, ווי פיין זי באַגרייפט אַלץ. היינט ווי שטאַרק זי ליבט מיך און איך זי.

**משה**

**יענטע, דו הערסט !**

**אַ סטודענט**

נו, האָסטו דאָך אָנגעטראָפן דיין פּאַרטי ?

מאַקס

וואָס פּאַרטי? ס׳איז נאָך דאָ גענוג בערג איבערצושפּרינגען אײדער איך װעל זי דערגרייכן. אייגנטלעך איז איר מוטער שוין מיט אונדז אײנפֿערשטאַנדן, זי איז קיין נאַר נישט און איך געפֿעל איר. נאָר מיט אים, מיט איר פֿאָטער, איז אַ שווערע זאַך. דאָס איז אַ געבראָטענער חסיד. אַז ער אַנטלויפֿט נאָר פֿאַר אַ דײַטש! נו, קאָן איך נאָך האָפֿן, אַז איך זאָל זײַן אַמאָל זײַן איידעם? די אידעע איז גאַנץ ווײַט!

משה

אַ רחמנות נעבעך!

סטודענטן

שאַדע, אוי, אוי.

משה

עס ראַסט אויס שטיקער האַרץ.

קאַראָלינעס שטים

קוקו, קוקו!

מאַקס

האַ, האַ! איך הער, זי קומט. זי גיט מיר איר צייכן. זי האָט מיר פֿאַרשפּראָכן אַהער צו קומען. גייטזשע אײַך, קינדער, שפּאַצירן אונטער די אַלייען און לאָזט מיך דאָ מיט איר אַליין, ווײַל איך האָב מיט איר נײַטיקס וואָס צו רעדן. (סטודענטן אָפּ)

קאַראָלינעס שטים

(זינגענדיק)

מײַן יעגער וואַרט שוין באַלד אַ שעה,
אויב קיינער איז נאָך דאָרט נישטאָ,
קאָנסט מיך כאַפּן אין איין אָ,
איך בין צווישן די צווייגן דאָ
קו, קו...

מאַקס

(זינגט)

ווער זינגט עס צווישן די צווייגן דאָרט?
באַקאַנט איז מיר די שטימע פֿאָרט.

קאַראָלינעס שטים

קו, קו...
איך זינג, איך,
נו, כאַפּט מיך גיך,
איך פֿייגעלע וויל אַוועקשפּרינגען.
נאָר הער זיך צו

צו דער מעלאָדי.
צי האָסטו זי מיר נישט געזונגען?
קו קו קו קו.
(שפּרינגט אַריין. זיי נעמען זיך אַרום)

מאַקס

וואָס מאַכסטו, מיין טייערע קאַראָלינע? האָסט מיר אוודאי עפּעס נייס געבראַכט?

קאַראָלינע

יאָ, איך האָב דיר געבראַכט אַ וויכטיק נייס. דו וועסט אפשר באַלד מיר גראַטולירן. קלמן שדכן האָט שוין פאַרגעשלאָגן מיין פאָטער אַ פּאַרטי פון שאַכראַיעווקע, דעם דאָרטיקן פּרנס חודשס אַ זון...

מאַקס

שטיי, שטיי! (פאַרטראַכט זיך אַ ווײַלע) נו, נו רעדט ווײַטער.

קאַראָלינע

און ווי איך האָב מיך אונטערגעהערט וואָס זיי האָבן גערעדט, ווייזט ער אויס צו זיין דיין ווירדיקער קאָנקורענט. וואָרעם זיינע אייגנשאַפטן וואָס ער באַזיצט, וועסטו אייביק נישט האָבן. און גאָט זאָל דיך טאַקע היטן, זאָלסט זיי נישט האָבן. ער איז נישט מער ווי בלינד אויף איין אויג, קרום אויף אַ פוס און...

מאַקס

שטיי, שטיי, און היקעט אַודאי אויך?

קאַראָלינע

יאָ, יאָ, פון וואַנען ווייסטו עס? קענסט אים דען?

מאַקס

דעם חתנס פאָטער הייסט ר׳ שלומוניע?

קאַראָלינע

יאָ, דאַכט זיך מיר טאַקע אַזוי.

מאַקס

אויב אַזוי, קער זיך דער חתן גיכער אָן מיט מיר איידער מיט דיר. ווייסטו ווער דאָס איז? דאָס איז מיין פעטער ר׳ שלומס אַ שטיפזון, וואָס דאָס צווייטע ווייב האָט אים געבראַכט פונעם ערשטן מאַן. און ווייסטו, ווער ר׳ שלומוניע איז? מער נישט ווי מיין פאָטערס אַן אייגענער ברודער.

קאַראָלינע

וואָס רעדסטו? צוויי ברידער! איז דיין פאָטער אַ דאָקטאָר און ער איז אַזאַ חסיד?

### מאַקס

מיין נישט, אַז מיין פעטער איז אַזאַ חסיד ווי דיין פּאָטער רעכנט. ער איז אַ פריידענקער ווי מיין פאָטער, נאָר ער שפּילט די פרומע ראָלע און פירט אַרום דעם רבין מיט די חסידים ביי דער נאָז. צום צייכן, אַז דיין פּאָטער שערט זיך אין זיין יחוס.

### קאַראָלינע

יאָ, דאָס איז אָבער נאָך אַלץ פאַר מיין פּאָטער קיין תירוץ נישט. ער האָט זיך איינגעשפּאַרט, אפילו מיין מוטער, וואָס זי האָט די גאַנצע דעה ביי אים, איז איר שווער אים איבער־צושפּאַרן.

### מאַקס

אַז דיין מוטער איז שווער, וועט מיר זיין גרינג... (פאַרטראַכט זיך) עס איז מיר איינגעפאַלן אַ שיינער פּלאַן. יאָ, דאָרט ווו מען קען נישט אויספירן נישט מיט בייזן, נישט מיט גוטן, מוז העלפן די ליסט.

### קאַראָלינע

ווי אַזוי מיינסטו? פאַרגעס נישט, אַז דער שדכן האָט שוין אַ בריוו געשריבן, אַז ער זאָל פריער פאַרפאָרן צו אים און דערנאָך זאָל ער אים ברענגען צו אונדז...

### מאַקס

איז גוט! הער אויס, וואָס איך וויל טון. איך וועל מיך פאַר־קליידן ווי דער קוני לעמל, איך וועל הינקען ווי ער, רעדן ווי ער און זיך בלינד מאַכן ווי ער, און כלומרשט פאַרפאָרן צו קלמן שדכן. און דאָרט האָב איך עפּעס אָפּצואַרבעטן אַ זאַך, נאָכהער וועסטו מיך זען ביי דיר אין שטוב פאַרקליידעט ווי דער וואַרער קוני לעמל. און דאָס איבעריקע וועסטו שפּעטער ערפאַרן.

### קאַראָלינע

ווירקלעך? נו, איז עס מעגלעך, אַז דו זאָלסט דיך אַזוי קונסט־פול מאַסקירן?

### מאַקס

אַזוי קונסטפול, אַז דו אַליין וועסט מיך אויך ניט דערקענען.

### משה

**ס׳אי גיט, ווויל ווי די וועלט!**

### נגיד

**פע, נישט שיין אָפּנאַרן אַ טאַטן!**

קאַראָלינע

געבע גאָט, דיין פּלאַן זאָל אויסגעפּירט ווערן. אַדיע, מיין קינעטיקער קוני לעמל! (אָפּ)

מאַקס

(רופט) קאַמעראַדן! (זיי קומען) איך האָב אַ פּלאַן, ווי אַזוי איך זאָל קאָנען חתונה האָבן מיט קאַראָלינען. איך מוז אָבער דערביי האָבן אייער הילף. קאָנט איר מיר געבן אייער ערנוואָרט, אַז איר וועט מיר הילפע געבן?

סטודענטן

אָ, קאָנסט גאַנץ זיכער זיין, אַז מיר וועלן דיר מיט וואָס נאָר מעגלעך וועט זיין דינען (זינגען)

אָ, איצט וועלן מיר רוען
נאָך אַזאַ מיען,
איצט הייבט זיך אָן אַ יאָר גאָר אַ נייס,
מיר האָבן צוזאַמען
אונדזער עקזאַמען
עבן געענדיקט אַלע מיט פלייס.

מאַקס

אין הערצן דאַרפן מיר דאַנקען נאָך הייסער
דעם וואָס זאָרגט פאַר אונדז ווי פאַר זיין קינד
אונדזער ליבן טרייען קייזער
גאָט זאָל אים געבן גליק און געזונט!

סטודענטן

הוראַ, הוראַ, עס לעבע אונדזער קייזער!

**(זיי הייבן אויף אויף צוויי שטאַנגען אַ פּאָרטרעט מיט ניקאָלאַיס באָרד און זינגען)**

**באָזשע צאַריאַ כראַני**
**סילני דזיערזשאַוווני**
**צאַרסטוואַי נאַ סלאַווו נאַם...**

משה

**יענטע, וואָס זינגען זיי?**

יענטע

**כ׳זאָל אַזוי וויסן פון בייז.**

לייטענאַנט

**(שפּרינגט אויף) אונפערשעמט! זינגען היר צאַרענליד. היר עסטרייכיש־אונגאַרישע מאָנאַרכי!**

זשאַנדאַר

**(אויפגעשטאַנען) סקאַנדאַל! בעליידיגען קאַיזערליכע מאַיעסטעט.**

נגיד

**(שטעלט זיך אויף) טאַקע אַן עוולה פאַר אונדזער קאַיזער ירום הודו!**

משה

**אים קאָסט עס טייערער!**

סטודענטן

**(האָבן איבערגעריסן דאָס זינגען, זענען צעטומלט).**

דירעקטאָר

**(איז אַרויף אויף די ברעטער) ענטשולדיגען זי, הער ריט־מייסטער, פערצייען זי, הער וואַכמייסטער, עס איזט איין מיספערשטענדניס. די האַנדלונג קומט פאָר אין אָדעססאַ, אין רוסלאַנד.**

לייטענאַנט

**אזט א קוטיא פאיאט!**

זשאַנדאַר

**ווערדע לאַסען פערכאַפטען!**

פאָליציייניק

**(סאַלוטירנדיק) צו בעפעל!**

דירעקטאָר

**(כאַפּט אַראָפּ פון ניקאָלאַיס פאָרטרעט די באָרד, נעמט אַרויס פון בוזעם־קעשענע פראַנץ־יאָזעף־באַקענבערד און טשעפּעט זיי צו צום פאָרטרעט) די עסטרייכישע הימנע! די קאַיזער־הימנע! (גיט אַ צייכן דער קאַפּעלע, דאַן די סטודענטן. דיריגירט מיטביידע הענט, מוזיק שפּילט, די סטודענטן זינגען:)**

**גאָט ערהאַלטע, גאָט בעשיצע**
**אונזערן קאַיזער, אונזער לאַנד!**
**מעכטיק דורך דעס גלאַובענס שטיצע**
**פירט ער אונז מיט וויזער האַנט,**
**עוויג איזט מיט האַבסבורגס טראָנע**
**עסטערייכס געשיק פעראיינט!**

**(לייטענאַנט, זשאַנדאַר און פּאָליציייניק סאַלוטירן, נגיד האַלט אין דער הייך זיין האַרטן קאַפּעלוש).**

**דער פירהאַנג ווערט פאַרצויגן, אין זאַל ווערט ליכטיק.**



„גאָט ערהאַלטע גאָט בעשיצע"

פון לינקס אויף רעכטס ערשטע ריי: קרום, י. הייטלער, א. סטאבניצער, מ. שווייליך. צווייטע ריי: ג. קורביטש, צ. פיינזילבער, פ. זיגעלבוים, ל. ווערטהיים, נ. ווולפאָוויטש, ח. וואָלפאָוויטש, צ. לעווין



ביי קלמן שדכן. אויף דער הינטערשטער וואַנט אַ באַ־מאָלטע לייוונט.

## ליבע

(קערט די שטוב מיט אַ בעזעם און זינגט)

אַלע מיידלעך האָבן חתנים,
זיי מעגן נישט זיין קיין שיינע,
זאָן איך וואַרט אויפן זיווג מיינעם,
און עס קומט נישט קיינער,
די נעמט אַ בעל מלאכה,
די פון אַ שיינער משפחה,
איינער האָט זיך נאָר געטראָפן,
זי נעמט גאָר אַ הולטיי.
מיט אַזוינעם וואָלט איך מיך אויך נישט געוואָרפן,
נאָר ווי האַלט איך שוין דערביי?

מיין חברטע האָט דערזען אַ געזעלן.
— הערט וואָס פאַר אַ גליק —
זי איז אים באַלד אויפן אָרט געפעלן
שוין ביים ערשטן קוק.
היינט דערציילט מען פון דער חנהן,
זי האָט זיך געגט שוין מיט צוויי מאַנען.
וואָלט איך דען נישט געקאָנט אויספירן,
מיך גטן אַפילו מיט דריי.
אַ וועלט וואָלט איך געקאָנט פאַרפירן,
נאָר ווי האַלט מען שוין דערביי?

פאַר דער חתונה איז מרה שחורהדיק,
נאָך דער חתונה איז אַ פאַרגעניגן.
עס ווערט פריילעך אין שטוב גאָר מוראדיק,
מע האָט זיך מיט וועמען צו קריגן.
דאָס ווייב זי דאַרף נאָר וואַגן,

דער מאַן ער מוז פאַרשוואַגן.
מע דאַרף נאָר האָבן שאַרפע נעגל,
דאָס שאַט נישט סיי ווי סיי.
אויסגעדראַפּעט וואָלט איך מיין מאַן דאָס אייגל.

משה

**ווען ער וואָלט זעך געלאָזט.**

יענטע

**משה, זיץ אַן!**

**ליבע**

נאָר ווי האַלט איך שוין דערביי?

קלמן

(קומט אַריין) נו, מיין טאָכטער, האָסטו שוין ריין געמאַכט די שטוב? דו ווייסט דאָך, אַז היינט דאַרף קומען ר׳ קוני לעמל, שלומוניעס זון. נו גיך, גיך, מאַך שוין ריין כאַפּ ניש!

**ליבע**

יאָ, איך האָב שוין אַלצדינג ריין געמאַכט, אָבער... אוי!

קלמן

וואָס איז, מיין קינד? וואָס ביסטו אַזוי פאַרטראָגן? דערצייל מיר, נאָר גיך כאַפּ ניש.

**ליבע**

פאַרוואָס זאָל איך נישט זיין פאַרטראָגן, אַז איך זע, ווי מען קומט אַנדערע מיידלעך נעמען פאַר כלות, נאָר מיך וויל קיינער נישט נעמען.

קלמן

וואָס הייסט, מען קומט נעמען? איך גיב זיי כאַפּ ניש!

**ליבע**

אַזוי? פאַרוואָסזשע גיסטו דער גאַנצער וועלט, נאָר מיר נישט?

קלמן

כאַפּ ניש! איך וועל האָבן געלט, וועל איך דיר אויך געבן.

**ליבע**

זאָל איך ערשט וואַרטן ביז דו וועסט אַ מאָל האָבן געלט און דערווייל זאָל איך דורך דיר פאַרזיצן ביזן גרויען צאָפּ?

קלמן

נו וואָסזשע זאָל איך דיר טון, מיין קינד, אַזוי איז די היינטיקע וועלט. כאַפּ ניש! אַמאָל איז יעקב אבינו געווען אַ קנעכט זיבן

יאָר אײדער ער האָט באַקומען רחלן פאַר אַ װײַב, דערנאָך אָבער איז ער געװאָרן בײַ זיך אַלײן אַ באַלעבאָס. הײַנט אָבער כאַפּט ניש איז מען אַזוי לאַנג בײַ זיך אַ באַלעבאָס אײדער מען האָט חתונה. נאָך דער חתונה אָבער װערט מען פאַרקױפט פאַר אַ קנעכט צום װײַב אויף אײביק. (צום פּובליקום) האַ, װאָס? אפשר נישט אמת?

## משה

**אמת ויציב װי דאָן טאַטע איז אַ קצב.**

## קלמן

נו, אַװדאי װיל מען קײן קנעכט אומזיסט נישט זײַן. אַװדאי, אַװדאי מוז מען האָבן דאָס ביסל מזומן, אַז מען װיל באַקומען אַ חתן כאַפּ ניש! נאָר אַז איך װעל אויספירן דעם שידוך בײַ ר׳ פּנחסלן, װעל איך דאָך כאַפּן אַ שײן שדכנות־געלט, כאַפּ ניש. װעט זיך אויף דיר מן הסתם אויך געפינען אַ בעלן.

## מאַקס

(פאַרשטעלט פאַר קוני לעמל קומט אַרײַן הינקענדיק) האָב איך דאָ ג... געטראָפן צו ר׳ ק... קלמן שדכן?

## קלמן

יאָ, יאָ, איר זענט אַװדאי ר׳ שלומוניעס זון? שלום עליכם! זעצט זיך אַנידער, זײַט גאַנץ הײמיש װי בײַ זיך אין דער הײם כאַפּ ניש!

## מאַקס

כ... כאַפּ נישט, כאַפּט איר נאָר נישט, איך האָב נאָך צײַט. װו... װען װעט איר מיר שוין װײַזן מײַן כ... כלה?

## קלמן

כאַפּ ניש. לאָמיך פריער אַריבערגײן צום מחותן צוגרײטן צו די תנאים כאַפּט ניש!

## מאַקס

איך כ... כ...

## ליבע

(אַפּאַרט) אַזוי? אָט דאָס איז דאָס גליק װאָס ר׳ פּנחסלס טאָכטער מאַכט? נײן, אַזאַ נפש װאָלט איך גאָר נישט געװאָלט אָנקוקן אַפילו ער צאָלט מיר צו.

## מאַקס

ר׳ ק... קלמן, װער איז דאָס מ... מײדל?

## קלמן

כאַפּט ניש, דאָס איז מײַן טעכטערל זאָל לעבן. אַ װױל מײדל, אַ קלוג מײדל, אַן ערלעך מײדל, אַ פײַן מײדל, כאַפּט ניש!

מאַקס

און אַ ש... שיין מיידל, האָט איר פאַרגעסן?

ליבע

(צום פובליקום) קוקט נאָר אָן דעם מאַמעטלעווע! מיט דעם איינעם אויג האָט ער אויך דערזען, אַז איך בין שיין.

משה

שוין איין מאָל שיין! אַזאַ יאָר אָף מאַנע שונאים!

מאַקס

ר׳ ק... קלמן, איז מיין כ... כלה אויך אַזוי ש... שיין ווי אייער טאָכטער?

קלמן

כאַפּט ניש, איר וועט שוין אַליין זען. נאָר איך פאַרשטיי ניש, ווי קומט עס איר, ר׳ שלומוניעס זון, זאָלט גאָר קוקן אויף נקבות? איך ווייס, אַז אַ חסידישער יונגערמאַן באַגעגנט אויף דער גאַס אַן אישה, מאַכט ער צו די אויגן.

מאַקס

אויף דער ג... גאַס יאָ, אָבער אונטער פיר אויגן ק... קוקן מיר חסידים גאָר אַנדערש...

קלמן

(צום פובליקום) אָ, אַ שיין שטיקל ציריינג באַקומט ר׳ פנחסל אין שטוב אַריין. נאָר וואָס גייט עס מיך אָן, אַבי איך וועל מיר באַקומען מיין שדכנות־געלט, דערנאָך מעג ער זיך וואַרגן מיט אים. (צו מאַקסן) איר ווייסט, ר׳ קוני לעמל, אַז ביים מחותן אין שטוב זאָלט איר אייך נישט אַרויסכאַפּן מיט אַזעלכע דיבורים. מילא פאַר מיר איז נאָך נישקשה, אָבער אַז איר וועט אייך דאָרט אַזוי אַרויסכאַפּן, כאַפּט ניש, קאָנט איר מיר נאָך קאַליע מאַכן מיין שדכנות! — (צו ליבע) הכלל, ליבעלע, נעם דעם יונגענמאַן און פיר אים אַריין אין אַ באַזונדער חדר און זע ס׳זאָל אים גאָר נישט פעלן. (אָפּ)

מאַקס

איר האָט געהערט וואָס אייער טאַטע האָט אייך אָנגעזאָגט, אַז ס׳זאָל מיר דאָ ביי אייך גאָרנישט פעלן?

ליבע

אָך, זייער שיין. זאָגט וואָס איר ווילט, אפשר זענט איר הונגעריק? זאָגט, זאָגט!

מאַקס

אָ ניין! נישט מיין מאָגן איז הונגעריק, נאָר מיין הערץ! עס ברענט פון ליבע!

משה

זינג אים אַ לידל !

ליבע

זאָל איך אייך זינגען אַ לידל ?

מאַקס

אַך זינג, ענגעל טייערער !

ליבע

וואָסאַראַ לידל זאָל איך זינגען ?

מאַקס

אַלץ וואָס דו וועסט זינגען מיט דיין זיסער שטימע, וועט זיין צוקערזיס.

ליבע

איך קען אַ לידל פון רעטשענע טייגלעך.

מאַקס

זאָל זיין פון רעטשענע טייגלעך.

ליבע

(זינגט)

נחמן איז צו מיר געקראָכן
און האָט געוווּנקען מיט די נייגעלעך,
ער האָט געוואָלט עך זאָל אָפּקאָכן אים
רעטשענע טייגלעך. ביס

ליבער נמן, נחמן גוטער,
דאָס איז דאָך אוממעגלעך
לאָקשן קאָנסטו האָבן מיט פוטער
נאָר נישט רעטשענע טייגלעך. ביס

אַז נחמן האָט יאָ ליב דאָס מאכל,
כדי ער זאָל קומען טעגלעך,
וועל עך אָפּקאָכן אים אַ יאַכל
מיט רעטשענע טייגלעך. ביס

מאַקס

מיין הערץ, עס ברענט פון ליבע. (פּרוּווט זי אַרומנעמען)

ליבע

וואָס הייסט דאָס ? איר זענט געקומען אַ ח... ח... חתן ווערן און טשעפּעט זיך גאָר צו מיר ? אָ, (צום פּובליקום) אַ שיין שטיקל

סחורה. דווקא אַ באַנעמעניש און צו דעם האָט עס אַזוי געזונט שכל.

מאַקס

וואָס מיר שכל? דאָס הערץ, דאָס הערץ! איך בין משוגע, איך בין דול פון ליבע! דיין נאָמען איז ליבעלע און דו ביסט נאָר געבוירן צו ליבע. אָט דאָ פאַר דיינע פיס פאַל איך און בעט דיך, האָב מיך ליב! אלא נישט... (צום פובליקום) אלא נישט וועל איך דיך פיינט האָבן!

ליבע

ווי איז מיר! שטייט אויף, דער טאַטע קאָן נאָך אָנקומען. (מאַקס שטייט אויף) אַ מער, ערשט האָט איר געהיקעט און געהינקען, און מיט איין מאָל זענט איר אַזוי גענעזן געוואָרן, איר גייט גלייך און רעדט גלייך! זאָגט מיר, איך בעט אייך, ווער זענט איר? און וואָס איז מיט אייך געוואָרן?

מאַקס

נאָר צוליב דיר וועל איך ווייזן מיין וואָרע געשטאַלט. אָט זעסטו (נעמט אַראָפּ באָרד און פאות און דאָס בענדל פון אויג) איך האָב מיך אומיסטן פאַרשטעלט אַזוי פאַר יענעם קוני לעמל, כדי איך זאָל קאָנען צו דיר קומען. איך האָב דיך שוין לאַנג ליב. נאָר איך האָב קיין אַנדער מיטל ביז אַהער נישט געקאָנט געפינען. איצט בין איך געקומען, מיר זאָלן אַנטלויפן אין דער וויטער וועלט אַריין.

ליבע

אַזוי איז שוין רעכט. אַז אַזאַ שיינער יונגערמאַן איז אויך אַ בעלן אויף מיר, כאָטשי איך האָב קיין געלט נישט, ניין! אַזאַ מציאה דאַרף מען שוין נישט אַוועקלאָזן. קום, לאָמיר שוין אויסגעטריקנט ווערן!

מאַקס

שטיי. שטיי! נו און דו ועסט אַנטלויפן גאָר אָן דיין טאַטנס וויסן. כאָפּט ניש!

ליבע

פאַרשטייט זיך, איצט בין איך דיינע, איצט האָב איך קיינעם נישט צו הערן, נאָר דיך.

מאַקס

(צום פובליקום) עפּעס איז זי מיר זייער גיך פאַרטיק געוואָרן.

ליבע

זאָג נאָר, ווי אַזוי וועל איך הייסן נאָך דער חתונה? ווי אַזוי הייסטו?

**מאַקס**

נאָר דיר וועל איך זאָגן מיין אמתן נאָמען. נאָר מיט דעם תנאי, אַז קיינער זאָל נישט וויסן. איך הייס, איך הייס... (צום פובליקום) זאָל איך אַזוי וויסן פון בייז ווי איך ווייס סאַראַ נאָמען מען זאָגט איר. (צו איר) נו, לאָז זיין שמערל!

**ליבע**

שמערל! וועל איך הייסן די שמערלעכע. אָט גייט — וועט מען זאָגן — די שמערלעכע. סקאָצל קומט, שמערלעכע, זיצט אַ ביסל, שמערלעכע, וואָס מאַכט איר עפּעס, שמער...

**מאַקס**

נו, גענוג שוין צו שמערלען! נאָר הערזשע, טאָמער וועלן מיר זיך באַגעגענען פאַר פרעמדע, וועל איך דיר געבן אַ צייכן, אין וועלכן דו וועסט מיך דערקענען. איך וועל דיך אויסלערנען אַ לידל, דאָס וועט זיין אונדזער צייכן. נו. זינג מיר נאָך (ביידע זינגען):

איך בין איך,
נו כאַפּ מיך גיך,
איך פייגעלע וויל אַוועקשפּרינגען.
נאָר הער זיך צו
צו דער מעלאָדי
צי האָסטו זי מיר נישט געזונגען,
קו קו
קו קו...

פון זאַל

— שוין געהערט!
— מוחל!
— אויך מיר אַ זינגעכץ!

נגיד

**ווי קומט עס צו קאַראָלינעס זינגען! ס'איז פאָלג מעך אַ גאַנג!**

לייטענאַנט

**קאַראָלינע זאָל זינגען!**

זשאַנדאַר

**קאַראָלינאַ זינגען!**

פּאָליציייניק

**ספּיוואַי, קאַראָלינאַ!**

ליטוואַק

אַוודאי וואָלט זיין אַ יעיסער קאַראָלינעצקע זאָל אַ זינג טאָן.

משה

פרימער ליטוואַק, וואָס האָסטו זעך אַזוי צעיאַכמערט? קוקט אים נאָר אָן, דעם בעל־דרשן!

פון אַלע זייטן

— קאַראָלינע!

— קאַראָלינע!

קאַראָלינע באַווייזט זיך, גייט אַרויס פאַרן פירהאַנג, רוקט אים צונויף הינטער זיך, כדי מען זאָל קאָנען בייטן די באַמאָלטע לייוונט אויף דער הינטערשטער וואַנט.

פון זאַל

— יידן בני רחמנים!

— אָרעם אָבער פריילעך!

— אַ פאַסטעכל!

— שבת, יום־טוב און ראש־חודש!

— פאַריאָמערט און פאַרקלאָגט!

— דאָס יתומל!

— ראָזשינקעס מיט מאַנדלען!

קאַראָלינע

הער קאַפעלמייסטער, באַווייזט וואָס איר קאָנט!

(זינגט)

אין דעם בית המקדש, אין אַ ווינקל־חדר,\
זיצט די אלמנה בת ציון אַליין,\
איר בן־יחידל, יידעלע, וויגט זי כסדר\
און זינגט אים צום שלאָפן אַ לידעלע שיין:\
איי, ליו, ליו.\
הינטער יידעלעס וויגעלע\
שטייט אַ קלאָר ווייס ציגעלע,\
דאָס ציגעלע איז געפאָרן האַנדלען,\
דאָס וועט זיין דיין באַרוף,\
ראָזשינקעס מיט מאַנדלען,\
שלאָף־זשע, יידעלע, שלאָף!

**אין דעם לידל, מיין קינד, ליגט פיל נביאות,**
**אַז דו וועסט אַמאָל זיין צעזייט אויף דער וועלט,**
**עס וועלן דיר נישט העלפן קיין שום רפואות,**
**פון בענקשאַפט וועל איך פאַרלאָזן די וועלט.**
**איי, ליו, ליו.**
**און אַז איך וועל שוין נישט זיין מער, יידעלע,**
**זאָלסטו זיך דערמאָנען אין דעם לידעלע:**
**ראָזשינקעס מיט מאַנדלען,**
**דאָס וועט זיין דיין באַרוף,**
**מיט דעם וועסטו, יידעלע, האַנדלען.**
**שלאָף־זשע, יידעלע, שלאָף.**

## פון זאַל

**בראַוואָ! בראַוואָ!**

**ביי שלומוניע. אַן אַנדערע באַמאָלענע לייוונט אויף דער הינטערשטער וואַנט. מען זינגט:**

— שרייט נאָר נישט, בלייבט נאָר שטיל,
— לאָז יעדער באַזונדער רעדן פריער,
— שווייגט! מען קאָן ווערן דול.
— וואָס פילדערט איר גאָר אָן אַ שיעור.
— ניין, ניין, מיר קאָנען דאָס נישט דערלאָזן.
— ניין, ניין, מיר ווילן זיך נישט פאַרלאָזן.
— וואָס זיי זעען נישט,
האָבן קיין דעה נישט,
— קלויבן וועמען מיר וועלן.
וועמען אונדז וועט געפעלן.
יאָ, אַזוי בלייבט, יאָ.
— מיין דעה הערט איר מיך, פאָלגט איר מיך.
עס בלייבט דער אַלטער גבאי!
— מיין דעה הערט איר מיך. פאָלגט איר מיך,
עס בלייבט דער נייער גבאי!
— יאָ, עס בלייבט דער נייער גבאי.
— קומט אין שול אַריין דורך דעם טויערל!
וועלן מיר אַלע וואַרפן גורל.
— לאָז זיין מיט גליק,
— יאָ יאָ, לאָז זיין מיט גליק!

### איינער

ר׳ שלומוניע, וואַרט איר נאָר דאָ אַ ביסל אויס און מיר וועלן גיין ציען קוויטלעך, און אַז איר וועט אַרויס גבאי, דאָס איז נאָך מער ווי זיכער (אַלע אָפּ).

### שלומוניע

זיי האָבן מיר אַזוי פאַרדולט מיין קאָפּ, אַז איך האָב באַקומען אַ בריוו, האָב איך אים אַפילו נישט געהאַט קיין צייט איבער־צולייענען. איך ווייס גאָר נישט, פון וואַנען קאָן איצט זיין צו מיר אַ בריוו. אַהאַ, דער בריוו איז פון קלמן שדכן. לאָמיר זען, וואָס שרייבט ער מיר דאָ. (לייענט) הרבינו, האָקענער, החסיד, אַ שאַרפער, אַ גערימטער, אַ געגלאַנצטער, די מיטלסטע זייל.

## משה

**דער דראַנג פון דער טרופע.**

### שלומוניע

דער שטאַרקער האַמער, דאָס ליכט פון די יידן, אַ קויש מיט ספרים כאַפּט ניש, דאָס אייניקל פונעם הרב ר׳ קלונימוס, זיין בכבודיקער נאָמען זאָל זיין געבענטשט מו״ה ר׳ שלום נרו יאיר (צום פובליקום) אַ גרויסער טיטל. (לייענט ווייטער) כפי מיר האָבן געהערט פון אייער נאָמען, אַז איר שמט זייער און פון אייער גרויסן יחוס כאַפּט ניש און כפי ר׳ פנחסל מקראָקע איז אויך אַ גרויסער למדן, אַן ערלעכער ייד כאַפּט ניש, וואָלט ביי אים געווען אַ גרויסער כבוד, ער זאָל זיך מיט אייך משדך זיין. (צום פובליקום) מיט וועמען קאָן ער עס מיינען זיך משדך זיין? אַהאַ! אוודאי מיט מיין גערעכטענעם שטיפזון!... (לייענט ווייטער) איך האָב געהערט, אַז אייער בחורל האָט אַפילו אַ ביסל חסרונות, נאָר אייער יחוס פאַרדעקט אַלצדינג. ר׳ פנחסל גיט אים זיין בתולה כאַפּט ניש מיט טויזנט רענדלעך נדן. איר מעגט אייער בחור באַלד צושיקן צו מיר, פון שדכנות־געלט וועלן מיר שפּעטער שמועסן. מיר זענען שוין אַפילו גרייט צו די תנאים. פון מיר קלמן שדכן מיטן רשות פון ר׳ פנחסל קראָקעווער כאַפּט ניש. (צום פובליקום, באַהאַלט דעם בריוו) נו, נו, נאַט אייך אַזאַ בריוו, כאַפּט ניש און כאַפּט ניש! אָט אַ פּנים, אַז אויף מיין שטיפזון איז אויך געקומען אַן אויסכאַפּע־ניש! און דאָס מאַכט אַלץ אָן יחוס! יאָ, דעם ר׳ פנחסל קען איך גוט, ער איז טאַקע אַ גביר, אַ שיינער ייד. נאָר די בתולה זיינע קען איך נישט. זי מוז אַוודאי אויך זיין עפּעס אַזאַ מין פאַרזעעניש, אַז ער שלאָגט זיך אָן צו נעמען מיין שטיפזון. אָ, אַ שיין שטיקל צירונג האָט מיר די מוטער זיינע אַריינגע־בראַכט אין שטוב אַריין, ווען איך האָב מיט איר חתונה געהאַט.

נאָר אפשר איז שוין איצט געקומען די צייט (פון דער קוליסע הערט זיך קוני לעמלס געשריי: טטאַאַטע, טטאַאַטע!) אַהאַ, ער גייט שוין, דער תכשיט!

קוני לעמל

(קומט אַריין מיט אַ פּאַן אין דער האַנט) טטאַאַטע, ק... קום אין שול אַריין, איך האָב שוין אַ פּ... פּאַן מיט אַ ליכטל, קום!

שלומוניע

שטיי! הער נאָר בעסער אויס, דו ווייסט, אַז איך וועל ווערן גבאי און דו אַ חתן?

קוני לעמל

אַ ח... חתן? גיי, זאָגסט אַ ליגן, נאַרסט מיך אָפּ!

שלומוניע

אָט האָב איך ערשט באַקומען אַ בריוו פון קלמן שדכן, שרייבט ער מיר, אַז ר' פּנחסל דער גביר וויל זיך מיט מיר משדך זיין.

קוני לעמל

אַהאַ! אַיאַ, דו האָסט מ... מיך אָפּגענאַרט אַ ליגן? אַ ק... קוים ר' פּנחסל דער גביר וויל זיך מי... מיט דיר משדך זיין, וועסטו דאָך ווערן אַ ח... חתן, נישט איך.

שלומוניע

גיי, דו נאַר, פאַרשטייסט מיך נישט. ס'הייסט ער בעט מיך אַזוי ווי ער האָט אַ בתולה וויל ער, דו זאָלסט זי נעמען פאַר אַ כלה.

קוני לעמל

איך זאָל זי נעמען פאַר אַ כ... כלה? גיי, זאָגסט אַ ליגן, דו נאַרסט מיך אָפּ!

שלומוניע

איך זאָג דאָך דיר, אַז יאָ. נאַ, נאַ זע, אָט האָב איך אַפילו דעם בריוו (גיט אים דעם בריוו. קוני לעמל וויל אים לייענען, פאַר־היקעט זיך און גיט אים צוריק).

קוני לעמל

עס איז עפּעס אַזאַ פּ... פּאַסקודנע כתב. אַז מ... מע קאָן עס נישט אָנהייבן צו ל... לייענען.

שלומוניע

יאָ, וואָסזשע טוט מען אָבער מיט דיר, אַז דו ביסט אַזאַ וויסטע קאַליקע?

קוני לעמל

וואָס? איך בין אַ ק... קאַליקע? איך ק... קאָן בעסער לויפן פון

דיר. ווילסט זען? (ער לויפט און פאַלט. ליגנדיק) ע, ניין, ניין. איך האָב מיך פ... פאַרטשעפּעט אין דער פ... פאָן. (הייבט זיך אויף)

שלומוניע

אַוודאי איז דאָס אַ שיינער לויף געווען. מילא, דאָס לאָז שוין זיין. וואָס טוט מען אָבער מיט דיר, אַז דו ביסט אַזוי היקעוואַטע? וואָלסט זיך באַדאַרפט צוגעוויינען ווייניקער צו היקען.

קוני לעמל

ה... האָסטו אים! איך ה... היקע גאָר?

שלומוניע

וואָס דען, ניין? אַ שטייגער, אַז דו וועסט אַריינקומען צום מחותן און וועסט אים דאַרפן זאָגן שלום עליכם. נו, לאָמיר הערן, וועסטו קאָנען זאָגן גלייך שלום עליכם, זאָלסט זיך נישט פאַר־היקען?

קוני לעמל

וואָ דען? איך וועל נישט ק... קאָנען? אָט, ווילסט הערן? אַ שטייגער אָט ב... ביסטו דער מחותן און איך בין ק... קוני לעמל. וועל איך אָט אַזוי אַריינקומען און וועל אַ ג... געשריי טון מיט אַ מאָל ש... ש... ש... (שלומוניע צעלאַכט זיך) ק... קוק אים אָן, ווי ער האָט זיך באַלאַכט! וואָסזשע לאַכסטו ח... חכם אַ ק... קונץ, אַז איך האָב מיך פאַרטשעפּעט אין דער צ... צונג.

שלומוניע

צו די אַלע צרות ביסטו דאָך נאָך בלינד אויך.

קוני לעמל

ווער בלינד? איך? איי, ביסטו עפּעס אַ ק... קלוגער חכם! איך בין גאָר ב... בלינד, זאָגט ער. אָט זע איך דיך (ווייזט אויף דער פאָן) און אָט זע איך די פאָן (ווייזט אויף שלומוניען) און וועל טאַקע ק... קאָנען זען מיין כ... כלה.

שלומוניע

(צום פּובליקום) מאַ! אַז אַזוינער איז רעכט פאַר יענעם, איז דאָך פאַר מיר אַוודאי רעכט. וואָס האָט מען דאָ צו רעדן, אַז דער יחוס פאַרדעקט אַלצדינג.

משה

אַ שיינער חתן, משטיינסגעזאָגט.

קוני לעמל

אַוודאי יאָ, ווייל דו ביסט אַזאַ טטאַאַטע און האָסט מיך נישט געוואָלט אַ... אַפילו איין מאָל חתונה מאַכן זינט איך לעב.

שלומוניע

נו, שיין, שיין, מאָרגן שיק איך דיך אַוועק מיט מיכאַלקען אַהין און איך וועל אַליין ערשט אָנקומען הושענא רבה. דערווייל קום אין שול אַריין, וואָרעם דער גאַנצער עולם קער דאָרטן וואַרטן אויף מיר. אַהאַ, אָט גייען זיי טאַקע שוין (יידן און קינדער מיט פאָנען קומען)

יידן

ר׳ שלומוניע, מזל טוב! איר זענט געבליבן גבאי! קומט אין שול אַריין (זיי נעמען אים אַריין, קוני לעמל גייט פאָרויס. זינגען):

פירט אים גיך, פירט אים גיך,
פירט דעם גבאי אין שול אַריין.
לעקעך וועלן מיר עסן,
טרינקען וועלן מיר וויין!
אַ גוטער יום־טוב איז הושענא רבה,
טרינקען און זויפן וויפל עס קאָן אַריין.
זינגט און טרינקט צוליב דעם נייעם גבאי.
אַ מצווה איז אַ גרויסע די נאַכט אויף צו זיין,
פירט אים גיך...

דער פירהאַנג ווערט פאַרצויגן, אין זאַל ווערט האַלב ליכטיק. שטיל שאַרט זיך אַריין דער וואַרשעווער חסיד אין אַ געהאַקטער קאַפּאָטע און אַ קליין היטעלע אויפן קאָפּ. ער באַהאַלט זיך אונטער אַ סלופּ.

משה

(דערזעט אים) וועמען זע עך? וואָס טיט דאָ אַ כניאָק אין טעאַטער?

חסיד

שאַ, עזות פנים! ווער פרעגטאָך?

(משה נעמט אים יאָגן, דער חסיד אַנטלויפט איבערן זאַל)



**ביי פנחסל. אויף דער הינטערשטער וואַנט אַ באַמאָלטע לייוונט. פנחסל און רבקה קומען אַריין אין שמועס.**

**רבקה**

ניין, ניין, דו וועסט עס ביי מיר נישט פועלן. איך וויל נישט האַנדלען קיין קאַץ אין אַ זאַק! ווייניקסטנס האָסטו אים געזאָלט שרייבן, דעם חתן קוני לעמל, אַז ער זאָל נישט פאַרפאָרן צום שדכן, נאָר גלייך צו אונדז. וואָרעם טאָמער איז ער באמת אַזאַ מין פאַרזעעניש, וואָלטן מיר אים געזען פון דאַנען צו פטרן און קיינער וואָלט דערפון גאָרנישט געוווּסט.

**פּנחסל**

בהמה וואָס דו ביסט! דעם שכל האָב איך דאָך אַליין געהאַט אָן דיר. באַלד נאָך דעם ווי איך האָב געהייסן קלמן שדכן, ער זאָל אָוועקשרייבן אַ בריוו צו ר׳ שלומוניען, אַז זיין זון קוני לעמל זאָל צו אים פאַרפאָרן און דאָרט זאָלן מיר אים מקבל פּנים זיין, האָב איך טאַקע תיכף ומיד אָוועקגעשריבן אַ בריוו, טאַקע צו דעם אייגענעם שלומוניען, אַז זיין קוני לעמל זאָל צו אונדז פאַרפאָרן און מיר זאָלן אים דאָ מקבל פּנים זיין. נאָר הערזשע אויס, מיט דיר וויל איך אויסנעמען איין זאַך. מילא, דו ביסט דיר אַ ספּאָדעק, זיי דיר אַ ספּאָדעק. מאַך כאָטשי נישט אונדזער טעכטערל פאַר קיין ספּאָדעקל! דו אַז דו ווילסט נישט, מעגסטו מיך נישט הערן. דאָס קינד אָבער דאַרפסטו לערנען, אַז זי זאָל דרך־ארץ האָבן פאַר אַ טאַטן, זאָל פאָלגן אַ טאַטן.

**רבקה**

נו, פרעג איך דיך אַלייך, פּנחסל, איז דאָס נישט קיין עבירה זי צוצורעדן צו אַזאַ אַנטיק?

**פּנחסל**

ווייסטו וואָס? דו קאָנסט זיך דאָך נישט איינהאַלטן. מישזשע דיך נישט, שטיי פון דער ווייטנס און שוויג. נו, זאָגסט מיר צו? אָט וועל איך זי טאַקע תיכף אַריינרופן און מיט איר איבער־שמועסן. חיהלע, חיהלע טאָכטער!

(קאַראָלינע זינגט אין דער קוליסע)

### משה

**הער אים ווי דעם רב, זינג וואַטער!**

### קאַראָלינע

(קומט אַריין) וואָס איז, פּאַטער?

### פּנחסל

קום אַהער, טאָכטער, צו דיין געטרייען טאַטן, איך האָב מיט דיר עפּעס צו רעדן. מן הסתם האָט דאָך דיר די מאַמע שוין דער־ציילט, וואָס פאַר אַ זיידן קינד, אַ תכשיטל, איך האָב דיר אויס־געזוכט פאַר אַ חתן, אַז גאָט און לייט וועלן דיך מקנא זיין. נאָר דו, ווייס איך דאָך אָבער, האָסט אַנדערע מחשבותן אין קאָפּ. דיר דרייט זיך אַ הויך קנעפּעלע אין דיין נידריק מוחעלע. אַ יאָקסל, דעם דאָקטאָרס סינאָקל. אַ יאָ, דיין טאַטע שטויסט זיך אָן? נו, פרעג איך דיך, מיין טעכטערל, אדרבא, זאָג דו אַליין, וואָס איז גלייכער, צי אַזאַ גראָב שטיק געוואַנט צי אַזאַ פיין זיידן שטיקל שטאָף? (רבקה גיט אים אַ שלעפּ פון הינטן, מימישע שפּיל צווישן ביידע)

### קאַראָלינע

(צום פּובליקום) איך מוז איצט שפּילן מיין ראָלע ווי מיין מאַקס האָט מיך געלערנט (צום פּאַטער) זעסטו, פּאַטער, כאָטשי מיר פרויען זענען מער מבינים אויף זיידנשטאָף ווי איר מענער, נאָר ביי דער סחורה וועל איך מיך דווקא פאַרלאָזן אויף דיר. דו ביסט דאָך מיין טאַטע ביז הונדערט צוואַנציק יאָר. דו ווינטשסט דאָך מיר אַוודאי נישט קיין שלעכטס.

### פּנחסל

נו, רבקה, וואָס האָב איך דיר געזאָגט? אַזוי, טאָכטער, איך האָב פריער געוווסט, אַז דו וועסט אַליין אַרויסזען, אַז דער טאַטע ווינטשט נאָר דיין טובה, דיין גליק. איך זאָג דיר צו, אַז באַלד נאָך דער חתונה וועל איך אים מאַכן פאַר אַ רב אין אַ קליין שטעטל און דו וועסט ווערן אַ רביצין און אַלע וויבער וועלן דיך מקנא זיין...

### רבקה

אוואַ, אוואַ!

### פּנחסל

(צו רבקהן) שטיל, רבקה, האָסט דאָך מיר עפּעס צוגעזאָגט. (צו קאַראָלינען) אַ יאָ, טעכטערל? דער מאַן וועט דיך מדריך זיין בדרך הישר, ער וועט דיך לערנען, וואָס די מוסר־ספרים שרייבן, אַז אַ יידיש קינד טאָר זיך נישט אַריינלאָזן אין עולם הזה. דו וועסט געוואָר ווערן פון אים, אַז אַ גלאַנצנדיק אייגעלע, אַ

טשאַקנדיק פּיסעלע, דאָס איז אַלץ הבל הבלים, שטן. (רבקה גיט אים אַ שלעפּ פון הינטן. מיט אַ געשריי צו איר) שטן, קליפּה!...

רבקה

אוי, אַ קליפּה זאָל שוין פון דיר ווערן!

פּנחסל

(שטופּט זי אַוועק. צו קאַראָלינען) אַ יאָ, טאַטעלע? ס'איז אַלצ־דינג נאַרישקייטן, אַז מען שטאַרבט, ליגט מען אַלצדינג... (רבקה גיט אים אַ שלעפּ. צו איר) אין דער ערד אַריין! דער עיקר איז אַז דער מענטש דאַרף זען, ער זאָל קומען אויף יענער וועלט מיט אַ ריינער נשמה...

נגיד

גאָלדענע ווערטער כ'לעבן!

רבקה

צי ביסטו משוגע צו וואָסער שוואַרץ יאָר? וואָס ביסטו מיט איר מזכיר נשמות גאָר פּלוצעם פון דער העלער הויט? מיר לעבן דאָך נאָך.

פּנחסל

רבקה, רבקה! (צו קאַראָלינען) וואָס ענטפערסטו, טעכטערל, דערויף?

קאַראָלינע

וואָס זאָל איך ענטפערן, פאָטער? ס'איז דען נישט אַלצדינג אמת ווי דו זאָגסט? מן הסתם איז אַזוי!

פּנחסל

נו, רבקה, וואָס זאָגסטו איצט? אוי, מייך זיס פרום טעכטערל! (גלעט זי) איצט זע איך טאַקע אַרויס, אַז דו ביסט ר' פּנחסלס טאָכטער. אַצינד, טעכטערל, שטעל דיר פאָר, למשל, אַז דער טאַטע פירט דיר צו אַ יונגענמאַן, וואָס איין פוס האָט זיך אים פאַרשפּעטיקט מיטן וואַקסן אַנקעגן אַנדערן, און דער טאַטע זאָגט דיר, זעסטו, חיהלע, אָט דעם יונגענמאַן זאָלסטו נעמען פאַר אַ חתן, וואָס וואָלסטו דיר דעמאָלט געטראַכט?

קאַראָלינע

איך וואָלט מיר געטראַכט, אַז דער פעלער שטערט אים נישט צו גיין אין גאָטס וועג.

רבקה

ס'הייסט, צו אַלדע שוואַרצע יאָר!

פנחסל

רבקה! אוי לעבן זאָלסטו, מיין טייער טעכטערל! זאָגזשע מיר, חיהלע־לעבן, וואָס וועסטו אָבער טון, אַז דער אייבערשטער האָט אים געשטראָפט, וואָרעם די קשיא אויף דער אייגענער מעשה, וועלכער מענטש איז דען דערפון באַוואָרנט? למשל, ער דערזעט נישט אויף איין אויג, ס׳הייסט מיטן אַנדערן זעט ער שוין דערפאַר אַ סך בעסער, צי ער פלוידערט נישט מיט זיין מויל קיין ניבול פה ווי אַנדערע הולטייעס, ס׳הייסט, ער רעדט אַ ביסל, ווי רופט מען עס, טשיפּילעווע, היקעוואַטע, וואָס וועסטו דעמאָלט זאָגן?

קאַראָלינע

וואָס הייסט? אויף אַזוינעם דאַרף מען דאָך ערשט רחמנות האָבן, וואָרעם וואָס איז ער נעבעך שולדיק, אַז גאָט האָט אים אַזוי געשטראָפט?

פנחסל

אוי, מיין פרום זיס טעכטערל, האָסט מיך פשוט מחיה געווען!

רבקה

באַרעכן דיך גוט, טאָכטער, פריער, וואָס דו ווילסט שפּעטער טון, זע זאָלסט דערנאָך קיין חרטה נישט האָבן.

קוני לעמל

(פון דרויסן) אָט דאָ וווינט ר׳ פּ... פנחסל?

פנחסל

שאַט, שאַט, מיר דאַכט זיך, אַז ער קומט אָן, (לויפט צו דער טיר) יאָ, יאָ, אָט דאָ וווינט ר׳ פנחסל. קומט אַריין, קומט אַריין.

קוני לעמל

ש... ש... שלום עליכם, ר׳ פּ... פנחסל!

פנחסל

ברוך הבא, שלומוניעס זון, קומט אַהער נענטער. דאָס בין איך טאַקע אַליין אייער מחותן ר׳ פנחסל און דאָס איז מיין פלוניתטע און דאָס איז אייער כלה.

קאַראָלינע

(צום פּובליקום) אָ, ווי מיין מאַקס האָט זיך אַזוי פאַרטרעפלעך פאַרשטעלט. עס איז אים גאַר אוממעגלעך צו דערקענען. איך האָב מיך די ערע פאָרצושטעלן: אייער כלה קאַראָלינע.

קוני לעמל

וואָס רעדט זי עפּעס גאַר מיט מיר דייטשמעריש? מע טאָר דען?

קאַראָלינע

איך בין אייער כלה קאַראָלינע.

קוני לעמל

וואָס הייסט דאָס ק... קראַנאָלינע? ר׳ פנחסל, אוי, איז דאָס אַן אַפּיק... ק... קורסטע! אַ יידישע טאָכטער מעג זיך געבן אַ פריצישן נאָמען?

פנחסל

(צו קאַראָלינען אין אויער) חייקהלע האָסטו באַדאַרפט אים זאָגן. (צו קוני לעמלען) פאַרשטייט איר מיך, ר׳ קוני לעמל, אַ מיידל אַ ביסל פון היינטיקער וועלט און לערנט אַ ביסל פרעמדע לשונות, שאַט נישט, פונדעסטוועגן אַ גאַנץ ערלעך קינד.

קוני לעמל

אוי, אוי איז דאָס אַן אַפּיק... קורסטע. זי לערנט גאָר טריפה פסלן? אויף וואָס ג... געוועט, אַז זי ווייסט אַפילו נ... ניט, וואָס פאַראַ ס... סדרה ס׳גייט.

קאַראָלינע

(צום פובליקום) קושן איז ער ווערט ווי נאַטירלעך ער שפּילט זיין ראָלע (צו קוני לעמלען) ליידער ווייס איך נישט.

קוני לעמל

ווואָס זאָגט זי עפּעס ל... ליידער, נאַ דיר גאָר אַ סדרה לדור ודור! אוי, איז דאָס אַן אַפּ... פּיקורסטע! אויף וואָס ג... געוועט, אַז זי גלייבט נישט אַפילו אין ש... שדים און אין רוחות און אין ג... גוטע יידן.

קאַראָלינע

ווער גלייבט דען היינט אין די נאַרישקייטן?

קוני לעמל

אוי, איז דאָס אַן אַפּיק... קורסטע! די גמרא שרייבט דאָך, אַז מ... מע מוז יאָ גלייבן אין ש... שדים און אין רוחות און אין ג... גוטע יידן. אַ יידישע טאָכטער מ... מוז האַלטן וואָס אין דער גמרא שטייט.

פנחסל

(צו רבקהן) דו הערסט ווי מען קען גמרא?

רבקה

יאָ, איך הער. אַוודאי איז דאָס אַ שיין לשון פון אַ חתן, וואָס קומט דאָס ערשטע מאָל אָנקוקן אַ כלה. היינט קוק אָן דאָס גאַנצע נפש: פערד וואָס דו ביסט! נו, וואָס זאָגסטו דערויף?
(קאַראָלינע וואַרפט קוני לעמלען צו קושן)

קוני לעמל

(צו פנחסל) ר׳ פּ... פנחסל, וואָס מיינט זי מיט דעם?

פנחסל

איך וועל דיר זאָגן, רבקה, אַזוינע בית מדרש־קינדער שעמען זיך צו רעדן מיט אַ כלה די עלטערן אין די אויגן. קום, לאָמיר אַוועקגיין און לאָמיר זיי דאָ לאָזן אַליין, וועלן זיי זיך שוין אויסטענהן. (לאָזן זיך ביידע אַוועק)

קוני לעמל

(לויפט זיי נאָך) ר׳ פּ... פּנחסל, ווהין גייט איר? איר לאָזט מיך מיט אַ ב... בתולה אונטער איין דאַך. מ... מ׳טאָר דען?

פּנחסל

נישקשה, בלייבט דאָ איבער, מיר וועלן באַלד צוריקקומען. (קוני לעמל וויל זיי נאָכלויפן. קאַראָלינע כאַפּט אים אָן ביי דער קאַפּאָטע, שלעפּט אים צוריק)

קאַראָלינע

נו, גענוג שוין, מאַקס, הער שוין אויף!

קוני לעמל

אוי ווי! איז דאָס אַן אַפּ... אַפּיקורסטע. אַ בתולה טאָר שלעפּן אַ פרעמדן זכר ביי דער קאַפּאָטע?

קאַראָלינע

בראַוואָ, מאַקס! האָסט גוט געשפּילט דיין ראָלע ווי אַ בעסטער אַקטער. נו, גענוג שוין, ליבער מאַקס!

קוני לעמל

וואָס? זי שעלט מיך גאָר מיט מכות? אַ מ... מכות בכורות אויף דיין קאָפּ!

קאַראָלינע

מאַקס! קוועל מיך נישט לענגער מיט דיין פאַרשטעלן, זיסער מאַקס!

קוני לעמל

וואָס? איצט איז שוין געוואָרן זיסע מכות? הער־זשע, אַז דו וועסט מיך נישט רופן ביי מיין כשרן נאָמען קוני לעמל, נעם איך ד... דיך נישט פאַר אַ ווייב!

קאַראָלינע

אָ, דיין שפּאַס איז שוין צו ווייט מיט מיר. געדענקסטו ווי דו האָסט מיך אַליין געלערנט, קו קו!

קוני לעמל

וואָס פאַראַ קוקו? זי שפּילט זיך שוין מיט מיר גאָר אין קו קו!...

### קאַראָלינע

מאַקס! קווועלסט מיך נאָך לענגער מיט דיין מאַסקע, רייס איך זי דיר אָפּ מיט אַ קוש!

### קוני לעמל

אוי, איז זי טאַקע דאָס, וואָס מע טאָר נישט אויסזאָגן. פאַר אַ חתונה קושט מע זיך? מע טאָר דען?

### קאַראָלינע

איך קאָן עס שוין מער נישט אויסהאַלטן, מאַקס, טייערער מאַקס! (וויל אים אַרומנעמען)

### קוני לעמל

(רייסט זיך אַרויס) שמע ישראל! שמע ישראל! (לויפט אַרויס)

### קאַראָלינע

(צום פּובליקום) וואָס איז דאָס? מאַקס זאָל זיך אַזוי באַנעמען קעגן מיר? ער, וואָס האָט געשווירן, אַז ער וועט אָפּפערן זיין לעבן פאַר מיינטוועגן, ער זאָל זיך מאַכן מיט מיר אַזאַ שפּאָס וועגן מיר זענען אַליין? ער זאָל זיך פון מיין קוש אַרויסרייסן און אַנטלויפן? איך קאָן עס מיר גאָרנישט ערקלערן. נאָר וואַרט, מאַקס, די סצענע וועט דיך טייער קאָסטן (עס הערן זיך רבקהס און פנחסלס קולות) דער פאָטער לאָזט זיך גיין אַהער. פונדעסט־וועגן מוז איך נאָך שפּילן מיין פריעריקע ראָלע.

### פנחסל

צו שפּעט, צו שפּעט, אמת! איצט זע איך אַרויס, אַז אַלצדינג, וואָס דו האָסט מיט מיר דאָרט געטענהט, איז טאַקע אמת. יאָ, יאָ, איך זע שוין אַרויס, ווי ווייט איך האָב מיך אין אים אָפּגע־נאַרט.

### רבקה

אַ מצווה אויף דיר, דו אַלט פערד, וואָס דו ביסט. אַזוי פּלוטוסטו אין אַלע דיינע געשעפטן. איך האָב פריער געוווּסט, אַז דו וועסט חרטה האָבן, אַצינד קאָנסטו מאַכן בעסער, נו, אדרבא, מאַך!

### ליטוואַק

**עי, איז דאָס אַ מאַכסעיפע!**

### פנחסל

אמת, אמת. ווייסטו אָבער וואָס, רבקה, איך רעכן, אַז אונדזער טעכטערל אַליין וועדליק זי איז פון היינטיקער וועלט, וועט זי אים אַוודאי נישט וועלן און מיר דאַכט זיך, אויב זי האָט אים שוין נישט אָפּגעזאָגט אונטער פיר אויגן, ווייל איך האָב אים געזען אַרויסלויפן פון דאַנען גאַנץ בייז. וואַרט אָפּ, וועלן מיר

זי באַלד פרעגן, וועלן מיר שוין וויסן. חיהלע, חיהלע, שטייסט פאַרטראַכט, טאַכטער, זעסטו גאָר נישט ווער עס שטייט לעבן דיר. מוזט אַוודאי בייז זיין אויף דיין טאַטן, וואָס ער האָט דיך צוגערעדט צו אַזאַ חתן.

### קאַראָלינע

דו קענסט דאָך מיך, פאַטער, מיר איז נאָר שווער געווען זיך צו אַנטשליסן, צו זאָגן יאָ. נאָר קוים האָב איך נאָר איין מאָל געזאָגט יאָ, איז שוין פאַרפאַלן. איך בין זייער צופרידן מיט דעם שידוך, זאָגאָר גליקלעך.

### פנחסל

ווי! איז מיר! רבקה, דו הערסט? אַ גליק האָט זי געטראָפן גאָר מיט דעם פאַרזעעניש, ניין, דאָס קינד איז עפּעס נישט מיט אַלעמען. ווי איז מיר, זי איז אַראָפּ פון זינען. וואָס האָב איך געטון? וואָס האָב איך געטון?

### רבקה

מיין קינד, טוט דיר נישט ווי אפשר דאָס קעפּעלע? שווינדלט דיר נישט פאַר די אייגעלעך? נאָגט דיך נישט פּילייכט ביים הערצעלע?

### פנחסל

אפשר ביסטו חלילה הונגעריק? איך באַשווער דיך, טעכטערל מיינס, זאָלסט מיר זאָגן דעם ריינעם אמת. וואָס האָט ער דאָ מיט דיר אַזוינס גערעדט, וואָס דו ביסט אַזוי צוגעזאָטן געוואָרן צו אים? ניין, ס'איז נישט אַנדערש, ווער ווייסט, וואָס פאַראַ פאַרבאָרגענער צדיק, אַ בעל מופת דאָס מוז זיין! שאַ, רבקה, ס'איז מיר עפּעס איינגעפאַלן! איך ווייס, אַז ס'איז דאָ אויף דער וועלט ל"ו־ניקעס, וואָס זיי קאָנען באַווייזן גרויסע מופתים, למשל, זיי קאָנען זיך מאַכן נישט זעענדיק, זיי קאָנען פאַרענדערן זייער געשטאַלט, אָט זענען זיי דאָ און אָט זענען זיי דאָרט, אָט איז ער אַ מענטש און אָט איז ער אַ בהמה! אפשר איז ער טאַקע אויך איינער פון די לייט? האַ? אַ קשיא אויף אַ מעשה. זאָג מיר נאָר, טאָכטער, אַז ער האָט דאָ פריער גערעדט מיט דיר, איז ער געווען דער אייגענער מענטש וואָס פריער צי ער איז איבערגעביטן געוואָרן?

### קאַראָלינע

ניין, פאַטער, ער איז גאָר אַן אַנדערער מענטש געוואָרן. ער האָט מיך אַזוי איבערראַשט, אַז...

### פנחסל

אַז וואָס? אַז וואָס?

**קאַראָלינע**

אַז איך האָב אים אַזש געוואָלט קושן...

**פּנחסל**

נו, נו, וואָס־זשע איז ווייטער געווען ?

**קאַראָלינע**

ער איז אָבער פאַרשווונדן געוואָרן.

**פּנחסל**

האַ ? פאַרשווונדן געוואָרן ? אַוועקגעפלויגן ? דו הערסט, רבקה, אַף, פאָ. (מאַכט אַ באַוועגונג פון פליען) נו, רבקה, איז דאָס נישט אויף מיינע רייד ? ער איז נישט נאָר אַ צדיק, נאָר אַ ל״וניק אויך. יאָ, יאָ, אַזוי איז עס טאַקע. (מאַקס קומט אַרײַן פאַרשטעלט פאַר קוני לעמלען) וואָס זענט איר אַנטלאָפן געוואָרן ? און וואָס זענט איר איצט צוריקגעקומען ? איר האָט דאָ עפּעס פאַרגעסן ?

**מאַקס**

יאָ, איך האָב דאָ עפּעס פאַרג... געסן צו זאָגן אייער טעכטערל. לאָזט אונדז דאָ אַליין.

**פּנחסל**

נו, רבקה, וואָס זאָגסטו איצט ? דו זעסט, אַז ס׳איז גאָר נישט דער אייגענער, פריער האָט ער מורא געהאַט צו בלייבן מיט איר אַליין, איצט הייסט ער אונדז שוין אַליין אַוועקגיין און עס איז שוין גאָרנישט דאָס פריערדיקע לשון מיטן קול. ס׳איז טאַקע ווי איך זאָג. קום, לאָמיר אַוועקגיין (גייען אָפּ)

**קאַראָלינע**

(צום פובליקום) ער האָט וואַרשיינלעך איינגעזעגן זיין פעלער, איז ער געקומען זיך פאַר מיר פאַרענטפערן.

**מאַקס**

אָ, גליקלעכער אויגנבליק ! מיט דיר אַליין צו זיין ביי דיין פאָטער אין צימער און פאַר קיינעם קיין מורא נישט האָבן. (ווילל זי אַרומנעמען, זי שטופּט אים אָפּ)

**קאַראָלינע**

גיי מיט דיינע קאָמפּלימענטן, דו האַרטער מענטש, וואָס דו ביסט !

**מאַקס**

איך פאַרשטיי דיך גאָרנישט. וואָס האָב איך דיר אַזוינס געטון, וואָס דו רופסט מיך אַ האַרטער מענטש ?

**קאַראָלינע**

דו פרעגסט נאָך ?

מאַקס

איך פאַרשטיי דיך גאָרנישט, וואָס דו רעדסט.

קאַראָלינע

מאַכסט דיך ווידער נישט וויסנדיק? פאַר מיר דאַרפסטו דיך אויך פאַרשטעלן? דאָרט ווי איך בין צו דיר אַזוי צוגעלאָזט, קאָנסטו האָבן דאָס האַרץ מיך אָוועקצושטופן?

מאַקס

ווען האָב איך דיר דאָס געטון? וואָס רעדסטו? וואָס איז דיר עפּעס איצט אין קאָפּ אַריין?

קאַראָלינע

דו מאַכסט דיך טאַקע אַלץ נישט וויסנדיק? האָסט פאַרגעסן ווי דו האָסט מיך צוריקגעוואָרפן אַן רחמנות, ווען איך האָב דיך געוואָלט קושן דערפאַר, וואָס דו האָסט אַזוי גוט געשפּילט דיין ראָלע?

מאַקס

דו האָסט מיך געוואָלט קושן און איך האָב נאָך נישט געוואָלט? איך זאָג דיר, נישט אַנדערש, נאָר דו רעדסט פונעם שלאָף!

קאַראָלינע

אויב אַזוי, ווייס איך שוין גאָרנישט וואָס צו קלערן. מיינע עלטערן זאָגן, אַז איך בין אַראָפּ פון זינען, און דו זאָגסט, אַז איך רעד פונעם שלאָף. איך וועל שוין טאַקע באַלד אָנהייבן צו צווייפלען, צי איך בין ביי מיינע ריינע געדאַנקען.

מאַקס

שטיי נאָר! זאָג מיר, איך בעט דיך, זייט מיר האָבן גערעדט אין גאָרטן, האָבן מיר זיך נאָך ערגעץ אַ מאָל געזען?

קאַראָלינע

וואָס הייסט? ביזסטו דען נישט ערשט פאַר אַ פערטל שטונדע געוועזן ביי אונדז אין שטוב און איך האָב דיך אַזוי באַוווּנדערט, ווי גוט דו האָסט אים קאָפּירט?

מאַקס

כאַ, כאַ, כאַ! וואָס האָסטו געטון? דו האָסט דיך צוגעאיילט. דאָס איז דאָך געוועזן דער אמתער קוני לעמל און אים האָסטו עס געוואָלט קושן. כאַ, כאַ, כאַ!

קאַראָלינע

דאָס איז געוועזן דער אמתער קוני לעמל און אים האָב איך עס געוואָלט קושן. כאַ, כאַ, כאַ! דו זאָלסט געוועזן זען ווי דער ים־קאָטער האָט זיך אויסגעריסן פון מיינע הענט מיט אַ מין שמע

ישראל. כאַ, כאַ, כאַ!ווירקלעך, איך שעם מיך. איך קאָן דיר אַזש אין פּנים נישט קוקן. פאַרצייַ מיר, ליבער מאַקס!

ליטוואַק

וואָס מאַכן זעי קוצעניו מוצעניו!

מאַקס

יאָ, איך פאַרצייַ דיר, נאָר מיט דעם באַדינג, זאָלסט מיר אָפּגעבן דעם קוש, וואָס דו האָסט אים געוואָלט געבן. זאָג מיר נאָר, ווי האַלט דייַן פאַטער פון אים?

קאַראָלינע

מייַן פאַטער? אים איז איינגעפאַלן, צי דער חתן קוני לעמל איז נישט איינער פון די ל״וניקעס, וואָס קאָנען באַווייזן איבערנאַטירלעכע ווונדער און זייַן געהיימע צויבערקונסט האָט ער געברויכט מיך איינצולאָקן.

מאַקס

בראַוואָ! דאָס קומט מיר צו נוץ. קאַראָלינע, עס וועט זייַן רעכט. גיב מיר שנעל פּאַפּיר טינט און פעדער (זי ווייזט אים אויפן טיש, ער זעצט זיך און שרייבט) ס׳איז מיר ווידער איינגעפאַלן אַ פּלאַן, דו וועסט נעמען דאָס צעטעלע און עס איבערגעבן מייַנע קאַמעראַדן, וועלכע וואַרטן אין דרויסן אויף מיר. אַז זיי וועלן עס איבערלייענען, וועלן זיי שוין וויסן וואָס זיי האָבן צו טון.

קאַראָלינע

אָ, ליבער מאַקס, דייַנע ווערטער האָבן מיך ערקוויקט. געבע גאָט, אַז דייַן פּלאַן זאָל אויסגעפירט ווערן! (זיי נעמען זיך אַרום)

קוני לעמל

(קומט אַרייַן) גוואַלד! ער וועט מיר צעק... קוועטשן מייַן כלה! (קאַראָלינע אַנטלויפט. ער קוקט אָן מאַקסן פון קאָפּ ביז די פיס, דערנאָך זיך) אָבער אַק... קוראַט ווי איך!

מאַקס

(מיט דעם זעלבן טאָן) אָבער אַק... קוראַט ווי איך! (קוני לעמל הינקט צו עטלעכע טריט, מאַקס טוט דאָס זעלבע)

קוני לעמל

(צעטומלט) וו... ווער ביסטו?

מאַקס

וו... ווער ביסטו?

קוני לעמל

איך? איך בין ק... קוני לעמל, ר׳ שלומוניעס זון, דער פּרנס־חודש פון שאַכראַיעווקע.

מאַקס

ל... ליגנער! ווי אַזוי קאָנסטו זיך אויסג... געבן פאַר מיר? אַז איך בין גאָר קוני לעמל. ווי אַזוי קאָנסטו מיר באַווייזן, אַז דו ביסט ק... קונ לעמל?

קוני לעמל

וו... וואָס הייסט ווי אַזוי? די ג... גאַנצע שטאָט ווייסט, אַז ק... קוני לעמל איז בלינד אויף אַן אויג און קרום און אַ ק... קאַפּעלע היקעוואַטע.

מאַקס

נו, טאַקע איך ב... בין בלינד אויף אַן אויג און קרום און אַק... קאַפּעלע היקעוואַטע.

קוני לעמל

אוי וויי, טאַקע! ווען איך זאָל נ... נישט וויסן, אַז איך ב... בין איך, וואָלט איך געמיינט, אַ...אַז ער איז איך.

מאַקס

ש... שטיל, דו ליגנער! זאָלסט מיר תיכף זאָגן פ... פאַר וואָס האָסטו זיך פאַרש... שטעלט פאַר מיר! און וואָס האָסטו דאָ צו טון?

קוני לעמל

וואָס איך ה... האָב דאָ צו טון? ר׳ פּנחסל האָט דאָך מיר געשריבן אַ ב... בריוו, אַז איך זאָל ק... קומען נעמען די 1.000 רענדלעך פאַר אַ וו... ווייַן, פאַר נדן און זיין ב... בתולה פאַר אַ וו... אַ, אָט איז אַפילו דער ב... בריוו. (דערלאַנגט אים דעם בריוו)

מאַקס

(לייענט אים כלומרשט) אַצינד זע איך וו... וואָס פאַר אַ שווינדלער ד... דו ביסט. דער בריוו איז אַ פאַלשער, ב... ביסט נאָר געקומען אויסנאַרן די טויזנט רענדלעך און נ... נישט מער. ווי אַזוי ק... קאָנסטו ווערן אַ ח... חתן, אַז ד... דו ביסט גאָר פאַרליבט אין ק... קלמן שדכנס מיידל?

קוני לעמל

וו... וואָס ליב? וואָס ק... קלמן? ווער מיר ש... שדכן? ווער מיר מיידל? מ... מע טאָר דען?

מאַקס

ד... דו האָסט איר אַליין ג... געשווירן טרייע און ליבע.

קוני לעמל

ווער? איך ג... געשווירן? איך האָב מיך נ... נאָך אויף מיין לעבן קיין מאָל נישט געשווירן. איך האָב מיך נאָר איין מאָל ג... געשווירן, איך זאָל נישט עסן קיין פ... פּאָווידלע מיט

ברויט, ווייל דער הונט האָט עס ב... ביי מיר איך מאָל אויס־געכאַפּט און האָט מיר נ... נאָך געטון אַ ביס, אָבער וו... ווייטער האָב איך מיך נאָך ק... קיין מאָל נישט געשווירן.

מאַקס

איך נ... נעם דעם בריוו און גיי אין דער פּ... פּאָליציע אַריין און וו... וועל ווייזן וואָס פֿאַר אַ ש... שווינדלער דו ביסט. (לאָזט זיך גיין)

קוני לעמל

(לויפֿט אים נאָך, כאַפּט אים ביי דער קאַפּאָטע) ר׳ ק... קוני לעמל, קומט אַהער, וואָס טויג אייך די פּ... פּאָליציע? אָט לויף איך ב... באַלד אַ היים און וועל ברענגען ש... שוואַרץ אויף ווייס. נאָר איך פֿרעג אייך, איז ד... דאָס אַ יושר פֿון אייך, אַז איך ז... זאָל אַוועקגיין אָן אַ נאָמען?

מאַקס

ניין, ניין, ד... דו ביסט אַ שווינדלער, ק... קום מיט מיר אין דער פּאָליציע.

קוני לעמל

אוי, אוי, ר׳ ק... קוני לעמל, איר זאָלט מיר זיין ג... געזונט, ש... שלעפּט מיך נישט אין דער פּ... פּאָליציע. איך וועל שוין לויפֿן אַהיים אָן אַ נאָמען און וועל ברענגען ש... שוואַרץ אויף ווייס, אַז איך בין קנ... ניין, ניין, איר זענט ק... קוני לעמל. נאָר איך וועל אייך בעטן, ר׳ קוני לעמל, ב... ביז איך וועל צוריקק... קומען, זאָלט איר מיר נישט צעקוועטשן מיין כ... כלה (צום פּובליקום מיט אַ יאָמערדיקן ניגון) איך בין קוני לעמל, קוני לעמל (פֿאַמעלעך אָפּ. קערט זיך ווידער אום).

מאַקס

וו... וואָס איז שוין ווידער?

קוני לעמל

איך האָב אייך ג... געוואָלט פֿרעגן אַ ש... שטייגער אַז איך וועל גיין אין ג... גאַס און איינער וועט צו מיר ש... שרייען ר׳ ק... קוני לעמל, ר׳ קוני לעמל! זאָל איך מיך אָנרופֿן צי ניין?

מאַקס

ט...׳ טאָרסט זיך נישט אָנרופֿן, ווייל דו ביסט נישט ק... קוני לעמל און לויף ש... שוין אַהיים!

קוני לעמל

(אין גאַנצן פֿאַרלוירן) אַז ער איז קוני לעמל — ווערזשע בין איך? (אָפּ)

ליטוואַק

**אַ בהמה ביסטו, ער נאַרט דאָך דיר אָפּעט, דער ממזר!**

**מאַקס**

(צום פובליקום) נו, קוני לעמלען האָב איך שוין עקספּעדירט. **נאָר ביז ער וועט צוריקקומען, מוז איך זען אַז קאַראָלינע זאָל בלייבן מיינע.**

ליטוואַק

**אַ מכה וועט זי זיין דיינע, זי איז גאָר דעם דירעקטאָרס ווייב.**

**מאַקס**

**קאַראָלינע האָט מיר געזאָגט, אַז איר פאָטער איז פאַרגלייבט אין דעם קוני לעמלען, אַז ער איז אַ ל״וניק, ער קאָן באַווייזן מופתים. לאָז־זשע איצט דאָס דינען צו מיין פּלאַן. איך מוז אים וויקן, ווי איך רעד מיט געשטאָרבענע. דאָס וועט אים געוויס איבעררעשן. אָט גייט ער טאַקע.** (זעצט זיך ביים טיש, קוקט אַריין אין אַ ספר, שאָקלט זיך מיט אַ גמרא־ניגון און רופט אויס אַלע מאָל) **האַ? האַ? האַ?**

**פּנחסל**

(קומט אַהיין, בלייבט שטיין פון דער ווייטנס) **ער איז פאַרטיפט אין די סודות, אָך, דאָס מוז זיין אַ טייערער קאָפּ, אַ געשליפענער מוח. מע טאָר אים נישט איבערשלאָגן.**

**מאַקס**

(ווי צום הימל) **האַ? וואָס? נו, נו! ניין? וואָס ניין?**

**פּנחסל**

**איי, איי איז דאָס אַ ל״וניק, אַ צדיק, ער רעדט מיט עמעצן און איך פּראָסטער מענטש האָב קיין זכיה נישט אים צו זען.**

**מאַקס**

**ניין! איר מוזט מיר צוליב טון אַצינד! די הייליקע נשמה פון מיין עלטער־זיידן ר׳ קלונימוס, וואָס איז געווען אַ בעל מופת, און איר נשמות פון מיין גאַנצער הייליקער משפּחה, איר אַליין האָט מיר געבראַכט אַ ידיעה פונעם הימל, אַז ר׳ פּנחסלס טאָכ־טער איז מיין זיווג. איצט פרעג איך איך, ענטפערט מיר! מעג איך טון דעם שידוך? וועל איך גליקלעך לעבן מיט זיין טאָכ־טער? האַ? יאָ? וואָס שווייגט איר? וואָס ענטפערט איר נישט? האַ? איר ווילט מיט מיר רעדן, אַז קיינער זאָל אין שטוב נישט זיין? יאָ? איז דען דאָ אַ פרעמדער מענטש אין שטוב?** (דרייט זיך אויס, קוקט זיך אַרום, דערזעט כלומרשט פּנחסלן אַן איינגעבוי־

געגעסן און ציטערנדיקן) אַ, ר׳ פנחסל, איר מוזט מיר מוחל זיין, שווער לעבן, איר מוזט אַרויסגיין פון דאַנען און מיך לאָזן דאָ אַליין, ווייל די כשרע נשמות ווילן מיט מיר נישט רעדן, אַז ס׳איז דאָ אַ פרעמדער מענטש אין שטוב.

**פנחסל**

(שפייט אין די הענט, ווישט זיי מיט אַ פאָלע) אַי, נו אָ מפסיק? (ווייזט מיט דער האַנט אויפן מויל)

**מאַקס**

איר מעגט, איר מעגט אויסרעדן.

**פנחסל**

מילא, איך זע דאָך שוין אַרויס, אַז איר זענט נישט פון אונדזערע זינדיקע מענטשן. ווי קומט עס אָבער, וויל איך אייך פרעגן, וואָס איר זענט גאָר אין גאַנצן איבערגעענדערט געוואָרן? איר זעט און גייט און רעדט גלייך ווי אַלע מענטשן.

**מאַקס**

וואָס קאָנען מיר דען חכמים נישט באַווייזן? דאָס זענען אונדזערע סודות. מיר קאָנען פאַרענדערן אונדזער געשטאַלט ווען מען דאַרף, מיר קאָנען זיך שאַפן מיט מתים, טאַנצן מיט מלאכים, מיר קאָנען רעדן מיט אַן אייזל.

## משה

**מען זעט!**

**מאַקס**

גלייך ווי אַ מענטש, נאָר ווען מען דאַרף. אַי, איר ווילט מיך נישט פאַר קיין אײדעם...

**פנחסל**

חלילה, ווער וויל אייך נישט? אַזאַ תנא ווי איר זענט וועל איך נאָך נישט וועלן?

**מאַקס**

טאָמער ווילט איר נישט? מעגט איר זאָגן — פלי איך באַלד אַהיים. (טוט אַ שפרונג צו דער טיר. פנחסל כאַפט אים אָן ביי דער קאַפּאָטע)

**פנחסל**

אוי ווי, פליט נישט! חלילה, ווער וויל אייך נישט? מיין גאַנץ וועלן איז דאָך טאַקע נאָר אייך. ווער שמועסט, אַז איר זעט און גייט און רעדט גלייך ווי אַלע מענטשן, וועט דאָך אייך מיין פלוניתטע און מיין טעכטערל אַוודאי אויך וועלן. פאַר וואָס־זשע

ווילט איר אָװעקפּליען? (צום פּובליקום) אַ נס, וואָס כ'האָב אים צוגעהאַלטן, אַ נישט וואָלט ער שוין איצט געווען אבער אַלע בערג.

משה

**אַ גליק האָט דעך געטראָפן.**

**מאַקס**

נו, גיטזשע מיר די האַנט, אַז אייער טאָכטער בלייבט מיינע.

**פּנחסל**

אָך, אַפּילו ביידע הענט.

**מאַקס**

נייך, מיר חכמים נעמען נישט אַזוי קיין הענט. איך מוז פריער אַרויסרופן אַלע נשמות פון מיין הייליקער משפּחה, זיי זאָלן עדות זיין, אַז איר ווערט האַלטן וואָרט, וואָרעם זיי האָבן מיר געבראַכט די ידיעה פונעם הימל.

**פּנחסל**

איך בין דערצו אויך מסכים. נאָר איך האָב מורא, עס זאָל מיר קיין מכשול נישט געשען. וואָרעם באמת האָב איך טאַקע געהערט, אַז עס רעדן מתים, נאָר מיט מיינע אויערן אַליין האָב איך עס נישט געהערט און האָב עס אין מיין לעבן אויך נישט געזען.

**מאַקס**

אַז איר שטייט מיט מיר, האָט איר נישט וואָס מורא צו האָבן. איר האַלט נאָר פעסט די האַנט און זאָלט כסדר שווייגן. שוועב אַראָפּ גיך די נשמה פון מיין עלטער-זיידן ר' קלונימוס און איר נשמות פון מיין גאַנצער הייליקער משפּחה. גיך אַלע דערשיינט! (פאַר-מאַסקירטע סטודענטן אין תכריכים פאַלן אַריין, פּנחסל פאַר-דעקט דאָס פּנים און ציטערט)

**דער ערשטער**

עס איז אויסגערופן געוואָרן
אין אַלע טויערן,
אַז ר' פּנחסלס טאָכטער
איז צו דיר געבוירן.
זי איז דיין זיווג, מיר זענען עדות,
די גאַנצע משפּחה באָבעס און זיידעס

**אַלע**

(אין אַ קאַראַהאָד. פּנחסל אַנטלויפט פון איין אָרט אויף אַ צווייטן)
וואָסזשע ווילסטו, וואָסזשע ווילסטו?
וואָסזשע ווילסטו, ליבער?



**מתים־סצענע**

פון רעכטס אויף לינקס: י. גליקסאָן, פּ. זיגעלבוים

וואָסזשע וועקסטו, וואָסזשע וועקסטו
פון די שטילע גריבער?
אין די טליתים, שעמט אייך נישט ווי אָרעם,
שטייט אויף איר מתים פון די נאַסע קברים.

מיר זענען אַלע מזל טוב
געקומען אַלע מזל־טוב
חתן כלה מזל טוב
דיר ווינטשן אַלע מזל טוב
חתן־כלה, מזל טוב!

## אין זאַל ווערט האַלב ליכטיק

### חסיד

(שפרינגט אויף) געוואַלט יידן! זיי מאַכן דאָך חוזק פון אינדז, רחמנא ליצלן. יידן, וואָס שוואַגט איר? ס׳איז דאָך אַ חילול השם!

### לייטענאַנט

וואָס איזט לאָז? וואַרום שרייט דיזער דאַ?

### נגיד

גערעכט. טאַקע אַן עוולה. וואָס דאַרף מען זיך עפּעס טשעפּן צו יידן? ווייניק אידאָ פון וואָס אָפּצולאַכן ביי די גוים? עך בין נישט קיין חסיד. פון דעסטוועגן יידן זענען יידן.

### משה

וואָס זענט איר גאָטס סטראַפּטשעס? וואָס האָט איר זיך ביידע אַזוי צעפּייערט? סע געפעלט אַך נישט, מעגט איר אַך גיין, ס׳האָט אַך קיינער נישט געבעטן אַהער!

### חסיד

יידן, דאָס איז אַ חברה לצים. זיי טוען אַלדאָס בייז. אַלץ וואָס אין דער קאָרט. זיי האַלטן נישט פון קיין שום מצווה. זיי זענען מחלל שבת. זיי היטן נישט קיין כשרות. זיי רעדן ניבול פה. זיי זינגען פאַרשאַטע לידלעך. זיי טאַנצן מיט נשים...

### משה

קאָנסטו נישט באַשטיין, דו כניאָק? פאַרגינסט אינדז נישט דאָס ביסל לאַכן, דאָס קאַפּל נגינה. ווייניק שינדט

איר פֿאַסעס פון אינדז, קנאַפּ אַרבעט איר מיט אינדז עבודת פּרך גאַנצע טעג און האַלבע נעכט דערצו? און טאָמער ווילמער אַ מאָל אין אַ יובל אַ לאַך טין, אַ זינג טין — קאָסט עס אַך טייערער? קרענקט איר עס אויס?

### חסיד

שוואַג, דו שייגאַץ! יאַך הייס דאָך שוין אַנזעצן. יאַך האָב שוין געקענט אַזעלכע קנאַקערס, איצט פוילן זיי אין די טורמעס, אין סיביר אויף אייביקער קאַטאָרגע. פּאַניע פּאָליצמייסטער, יאַך זאָג ענק, דער יונג איז אַ מורד במלכות. יאַך בין אַ רוסישער. יאַך קען די חברה־לאַט. נעמט אים, דעם לאָבוז!

### לייטענאַנט

יעצט מאַכט די יודען־באַנדע קאַראוואל אים טעאַטער, כאַ, כאַ, כאַ.

### משה

מען נעמט נישט, מען כאַפּט נישט! דו האָסט נאָך נישט די גאַנצע דעה, דו איידעם אויף קעסט. פון מיר קאָנסטו באַלד לייזן, זאָלסט פאַרזאָגן קינדס קינדער זיך טשעפּן צו אַ פּועל.

### חסיד

איר הערט, יידן! ער כאַפּט זיך גאָר שלאָגן. די וועלט עקט צאָך! אַ שנאַדעריונג זאָל נישט האָבן קאַן דרך־ארץ פאַר אַ בן־תורה!

### משה

טיף אין דרערד האָב עך דעך.

### זשאַנדאַר

רוכיק, רוכיק!

### ליטוואַק

(אַרויף אויף די ברעטער) שאַט, רבעיסעי, קאָכט אייך ניט, פע, שעמט אייך! ס'איז אַ מיעסע זאַך פאַר די גוים. מה יאמרו הגוים? וואָס וועלן זאָגן די גוים? ס'איז טאַקע ניט קיין יעיסער, ראַבעיסעי, מען זאָל זיך אַוועקסטעלן בפני עם ועדה און כעיזק מאַכן פון ערלעכע אידן, בנעי טעירה, נגידים און גבירים. אָבער פון דער צווייטער זייט, פאַרסטעיט איר, רבעיסעי, עמך ישראל צריכים פרנסה. אַ ייד באַדאַרף פרנסה. און דער ריבעינע סעל עילעם, וואָס ספּייזט דאָס פעיגעלע אין פעלד און דעם וואָרעם

אויף דער ערד, פֿאַרגעסט ניט אין זיינע אידעלעך און סיקט זעי צו אַזאַ סטיקעלע ברעיט. עילע וואָדען? זעי היטן ניט אָפּ אַלע תרי״ג מצוות. האָב איך דערצו עיך אַ סגולה. מערציסעם מאָרגן וועל איך זעי אַריינרופן צום מאָרע דאַסרע און נעמען ביי זעי תקיעת כף, אַז מהיום והלאה וועלן זעי פּאָלגן, וואָס דער סולכען אָרעך הייסט, ניט טאַנצן מיט קיין נאָסים, ניט רעידן קיין ניבול פה, ניט זינגען קיין פאַרסייטע לידלעך, ניט זיצן אין די סענקען, ניט כעיזעק מאַכן פון ערלעכע אידן, גבירים און נגידים. ובזכות זה ובא לציון גועל ונעימר אָמן!

משה

פרימאַ ליטוואַק, וואַז נאָר אַהער דעם צלם, וואָס דו טראָגסט אויפן האַלדז!

ליטוואַק

טאָ קוס מיר ניט אין צעילעם, דו סעיגעץ!

חסיד

יידן! לאָזט אַך נישט פאַררעדן די ציין! עץ וועט אָפּקימען אויף יענער וועלט. מען דאַרף זיי פאַרטראַבן ווי דער פעפער וואַקסט, עוקר מן השורש זאַן, אָט די קאָמע־דיאַנטשיקעס, מדינה־שלעפערס, כלבוניקעס, הולטייעס!

לייטענאַנט

די געשיכטע ווירד דאָך צו בונט! הער וואַכמייסטער, שרייטן זי איין!

זשאַנדאַר

אַלזאָ, שלוס, עפנטליכע רוכעשטערונג. איך פערביטע די פאָרשטעלונג.

דירעקטאָר

איינען אויגענבליק, הער וואַכמייסטער!

דירעקטאָרשע

רודאָלף! וואָס גייסטו טון? וויי איז מיר. זאָלסטעך נישט דערוועגן!

דירעקטאָר

(אַרויף אויף די ברעטער) לאָז אָפּ! ערלויבן, הער וואַכ־מייסטער, דאַס איך אייניגע וואָרטע אַן דאַס פּובליקום ריכטע.

זשאַנדאַר

איך ערלאַובע, אַבער קורץ!

דירעקטאָר

ליבע מענטשן! מען לאָזט אונדז נישט ענדיקן די פאַר־שטעלונג. מוזמער פאָלגן. אַ ברירה האָמער? איז אַך נישט באַשערט צו הערן דעם סוף. מילא, איר שטויסט זעך שוין אַוודאי אָן. עס ענדיקט זיך ווי אין אַלע קאָ־מעדיעס. מאַקס האָט חתונה מיט קאַראָלינען, באַקומט די טויזנט רענדלעך נדן און וועט זיך עלטערן מיט איר אין עושר און אין כבוד. און מיט דעם אָרעמען קוני לעמל פאַרשלייערט מען ליבעניו. וועלן זיי מיט גאָטס הילף פאַרשוואַרצט ווערן דאָס גאַנצע לעבן. אַזוי פירט זיך גאָט זאַן וועלטל. און די פאַר לידלעך, וואָס איר וועט האָבן היזק, איז אויך נישט אַן אומגליק. איר האָט זיך האַנט אָנגעהערט געגוג לידלעך, אי אַזעלכע וואָס זענען דאָ אין שטיק אי אַזעלכע וואָס מיר האָבן שפּעציעל אַריינגעשטעלט דערפאַר, ווייל זיי געפעלן דעם פובלי־קום. אַזוי האָט אונדז געלערנט אונדזער רבי אברהם גאָלדפאַדען און אַזוי זענען מיר זיך נוהג, פאָרנדיק איבער שטעט און שטעטלעך.

מען האָט אונדז אָנגערופן מדינה־שלעפּערס. אמת, מיר שלעפּן זיך איבער דער מדינה! אָבער ווייסט איר פאַר וואָס? וואַל מען לאָזט אונדז אין ערגעץ נישט אַנזיצן. וואַל מע טראַבט אונדז פון שטאָט צו שטאָט, פון לאַנד צו לאַנד. און ווער? טאָקע זיי, די פרימע, די ערלעכע, די גבירים און תקיפים! זיי רעדן אויס אויף אונדז אַלדאָס בייז, זיי האַלטן אין איין מסרן ביי מלכות. האָט מען אונדז פאַרטריבן פון פּשעמישל, פאַריאָגט פון קראָקע, אין ווין מעגן מיר שפּילן בלויז פאַר טישלעך אין קאַפע־האַזער און רעסטאָראַנען. אין דער גאַנצער רוסישער אימפּעריע טאָר זיך קאַ יידיש טעאַטער נישט וואַזן. מוז מער זעך פאַרשטעלן פאַר דאַטשן, ברעכן די צינגען, דער־ציילן בבא־מעשיות וועגן אַקאַדעמיעס און אוניווערסי־טעטן, וועגן באַרימטע שוישפּילער און גרויסע ערפאָלגן, כדי צו געפינען חן אין די אויגן פון פּאָליציייניקעס און זשאַנדאַרן.

או צוליב וואָס טוען מיר דאָס — ווילט איר וויסן? נישט בלויז צוליב פרנסה, פּאַניע ליטוואַק! מיר זענען נישט קיין שטודירטע לאַט, פּראָפעסאָרן און דאָקטוירים. אָבער באַלמעלאָכעס זענען מיר, און גוטע באַלמעלאָכעס. יעדער פון אונדז האָט אַ פאַך אין האַנט און וואָלט גע־

קאָנט לאַכט פאַרדינען זיין שטיקל ברויט. אָבער טעאַ־
טער איז אונדזער חיות. וואַרפן מיר אַוועק היים און
וואַרשטאַט און שלעפּן זיך אַרום איבער שענקן, שטאַלן
און שאַפּעס, פון שלעכטע מענטשן גערודפט און געיאָגט.
און וואָס איז אונדזער חטא? מיר ברענגען אַ ביסל
פריילעכקייט אין פינצטערע וואַרשטאַטן און נאַסע קע־
לערס. דער חסיד דאַרף אינדז נישט — ער האָט זיין רבין.
דער דאַטש דאַרף אונדז נישט — ער האָט זאַן קאָנצערט.
אָבער דער פשוטער מענטש, דער באַלמעלאָכע און דער
פועל, דער משרת, די דינסטמויד און די נייטאָרין —
זיי לעבן, אָטעמען און ווילן זיך מיט אונדז. הילכן אָפּ
אונדזערע לידלעך באַ דער קאָוואַדלע און באַ דער קאָ־
פּיטע, ביי דער שער און באַם הובל, אין קעך און אין גאַס.
מ׳האָט צו אונדז טענות, וואָס מיר לאַכן אָפּ פון די פּרי־
מאַקעס. אַז ווי איז צו אונדזער געלעכטער! מיר לאַכן
מיט יאַשטשערקעס. זיי האָבן זיך אָנגעזעצט אויף אונדז,
די הויטשינדערס, בלוטזויגערס, פּיאַווקעס. אָבער נישט
אייביק איז זייער ממשלה! מען וועט זיי פאַרטראַבן צו־
ריק אין די קברים, די מתים אין די טליתים. און דעמאָלט
וועט מען זיך דערמאָנען אין די אַלע טאַנענצאַפּס, קאָמע־
דיאַנטשיקעס, מדינה־שלעפּערס...

זשאַנדאַר

אַלזאָ שלוס מאַכן, קרייצדאָנערוועטער נאָכאיינמאַל!

דירעקטאָר

(ווייזט מיט ביידע הענט אויפן פאַרמאַכטן מויל) האָט־
זשע מיר אַ גוטע נאַכט, ליבע לייט!

זשאַנדאַר

אוסאיינאַנדערגעכען! אוסאיינאַנדערגעכען!

פאָליציייניק

(צעטרייבט דעם עולם מיטן זעבל) ראָזעיטיסיאַ, ראָזעי־
טיסיאַ!

סוף

# נאכוואָרט

די „יידישע דראַמאַטישע שול״, וואָס האָט עקסיסטירט אונ־טער מיין אָנפירונג אין וואַרשע אין די יאָרן 1922—1924, איז צווייטן יאָר ביי דער נאָענטער מיטאַרבעט פון דוד הערמאַן ז״ל, איז אויסן געווען צוצוגרייטן אַקטיאָרן פאַרן פּראָפעסיאָנעלן טעאַטער און אָנפירערס פאַר דראַמאַטישע קרייזן. פון אירע אַבסאָלווענטן האָבן יעקב מאַנסדאָרף, זלמן הירשפעלד, יעקב קורלענדער, דוד בירנבוים, אַדאָלף וואָלפשטאַט, בת שבע קראַ־מאַזש, אַלינאַ סטערניצקאַ געשפּילט שפּעטער אין דראַמאַטישע טרופּעס, משה פּערענסאָן, אברהם ברייזבלאַט, נחום מעלניק, משה פּאַטאַשינסקי זענען געוואָרן רעציטאַטאָרן און רעזשיסערן פון דראַמקרייזן.

גאָר אַנדערע צילן האָט געהאַט די דריי־יאָריקע „יידישע טעאַטער־סטודיע״, וואָס האָט עקסיסטירט אין וואַרשע פון 1929 ביז 1932. זי איז לכתחילה געווען אויסגערעכנט נאָכן פאַרענדיקן די לער צו שאַפן אַן אייגענעם אַנסאַמבל. אין אים זענען אַריין די בחורים: : יוסף גליקסאָן, אברהם גרינשפּאַן, וואָלף הייבלום, יעקב הייטלער, אברהם וואָלאָוטשיק, נתן וואָלפאָוויטש, לייב ווערט־היים, פּיניע זיגעלבוים, פּיוול זיגעלבוים, אברהם סוכער, אברהם סטאָבנביצער, פּייוול סיוואַק, יוסף פּאַטאַשניק, יוסף קעסטענבערג, משה שווייליך און די מיידלעך: אסתר גאָלדוואַג, בינה גודעס, שרה הויער, חוה וואָלפּאָוויטש, שרה לעמבערגער, צביה לעווין, דבורה פּאַקעל, דבורה פיינזילבער, צפּורה פיינזילבער, העניע צימליך, גיטל קורביטש, שרה שמעלצינגער.

אָנגערופן דעם אַנסאַמבל האָבן מיר „יידישע עקספּערימענ־טאַלע סטודיע יונג טעאַטער״. די עקספּערימענטן זענען געגאַנגען אין דער ריכטונג פון שפּילן אַן אַ בינע און אַן אַ פּירהאַנג צווישן דעם פּובליקום, כדי אָזוי אַרום צו שאַפן דעם סאַמע נאָענטסטן קאָנטאַקט צווישן אַקטיאָר און צוקוקער. דאָס איז געווען דער ערשטער פּרווו אַזאַ, וואָס איז שפּעטער עקספּערי־מענטירט געוואָרן אין פאַרשידענע לענדער פון מזרח און מערב. אין „יונג טעאַטער״ איז פאַר יעדער אויפפירונג דאָס פּראָבלעם פון שפּיל־שטח געלייזט געוואָרן אויף אַן אַנדערן אָריגינעלן אופן. צווישן די פּראָיעקטאַנטן האָבן זיך געפונען די אַרכיטעקטן:

שמעון סירקוס (באַרימטער אורבאַניסט, נאָך דער מלחמה פּראָ־פעסאָר פון וואַרשעווער פּאָליטעכניקום), ראובן שוואַרץ, ה. בלום, די באַוועסטע מאָלער: יאַנקל אַדלער, יצחק ברוינער, וו. ווײַנטרויב, דינה מאַטוס, יאַן קאָסינסקי (היינט באַרימטער פּוילישער סצענאָגראַף) און דער פּלאַסטיקער־קרײַז, וואָס איז געשאַפן געוואָרן ביים „יונג טעאַטער" פון יידישע אַבסאָלווענטן פון דער וואַרשעווער קונסט־אַקאַדעמיע. די מוזיק צו די מערסטע אויפפירונגען האָט קאָמפּאָנירט הענעך קאָן. די טענץ האָט אײַנשטודירט די כאָרעאָגראַפין לאה ראָטבוים.

דער רעפּערטואַר פון „יונג טעאַטער" איז באַשטאַנען פון: „באַסטאַן" (44 בילדער), „טרופּע טאַנענצאַפּ", „קראַסין" (רעפּאָרטאַזש וועגן פּראָפ' סאַמאָילאָוויטשעס עקספּעדיציע צו ראַטעווען גענ' נאָבילעס פּאַראַמגליקטן פלי צום צפון־פּאָל, 52 בילדער), שלום עליכמס „נאַפּאָלעאָנס אוצר" („די גאָלדגרעבער"), וו. נ. ביעל־ביעלאָצערקאָווסקיס „דאָס לעבן רופט" (רעזשי: יעקב ראָטבוים), לייב מלאכס „מיסיסיפּי", יעקב פּרעגערס „סימכע פּלאַכטע", פּאָל ריינאַלס „דער קבר פון אומבאַקאַנטן זעלנער" (פאָרווערט אין טאָג פון דער פּרעמיערע), געאָרג ביכנערס „וואָצעק" (רעזשי: קורט קאַטש), מענדעלע מוכר ספרימס „מסעות בנימין השלישי", פ. בימקאָס „דעמבעס", ע. וואָלס „פּראָצעס", ה. הייערמאַנס' „די פאַרלוירענע האָפענונג" (רעזשי: מאַקס וויסקינד), ט. דרייזערס „אַמעריקאַנער טראַגעדיע (רעזשי: יעקב ראָטבוים), קאַדיע מאָלאָדאָווסקיס „מאַרציפּאַנעס" און האַלינאַ גורסקאַס „יינגלעך פון שטאָטישע גאַסן" (רעזשיסירט דורכן קאָלעקטיוו). די איבעריקע אויפפירונגען האָב איך רעזשיסירט.

אין די יאָרן 1933—1939 זענען די אויסגערעכנטע פּיעסעס געשפּילט געוואָרן נישט בלויז אין וואַרשע, נאָר אויך אין לאָדזש, קראָקע, לעמבעריק, ווילנע, גראָדנע, ביאַליסטאָק, פּינסק און אַ סך אַנדערע שטעט. אין די גרעסערע שטעט איז דער אַנסאַמבל יעדעס מאָל געזעסן צו עטלעכע וואָכן (אין ווילנע עטלעכע חדשים). פיר מאָל האָט די סאַנאַציע־מאַכט אָפּגעשטעלט די טעטיקייט פון „יונג טעאַטער". אָבער אויך נאָכן לעצטן פאַרווער האָבן מיר נישט איבערגעריסן אונדזער טעטיקייט, שפּילנדיק אונטער די נעמען „יונגע בינע", „ניי טעאַטער", אויף פּרעמדע קאָנצעסיעס.

*

„טרופּע טאַנענצאַפּ" איז געווען מיין ענטפער אויפן צווייטן פאַרווער פון רעגירונגס־קאָמיסאַריאַט פאַר דער שטאָט וואַרשע צו שפּילן „באַסטאַן". איינציייטיק איז דאָס געווען אַן אָפּרעכענונג פאַר די רדיפות און נגישות, וואָס יידיש טעאַטער האָט זינט זיין

אויפקום געהאַט אויסצושטיין פון רוסישע, עסטרייכישע און שפּעטער פּויליׂשע מאַכט־אָרגאַנען און פון אינעווייניקסטע שונאים. דאָס אַריבערוואַרפן די אַקציע אין אַ גאַליציש שטעטל פון ערשטן יאָרצענדליק איז אויסן געווען אויסצומיידן שווערי־קייטן מצד דער פּוילישער צענזור.

די פאַמיליע „טאַנענצאַפּ" איז געווען אַן אויטענטישע. אַזוי האָט זיך גערופן אַ קאָנצעסיאָנער פון אַ יידישער וואַנדער־טרופּע אין מזרח־גאַליציע. געטראָפן האָב איך אים אין 1909טן יאָר אין סטאַניסלאַוו. מער ווי דעם נאָמען האָב איך ביי אים נישט גענו־מען. אויך די אינטערפּרעטאַציע פון די גאָלדפאַדענישע פיגורן איז געווען אַ נייע.

די ראָלן פון ביידע קוני לעמלס האָבן באַקומען די העלדן פון „באַסטאָן", וואַנצעטי און סאַקאָ. פּיזול זיגעלבוים האָט געשפּילט מאַקסן, פ. סיוואַק — קוני לעמלען. דאָס איז געווען אי קונסט־פּעדאַגאָגיש אי טעאַטראַליש. ווער עס האָט נעכטן מיטגעריסן דעם עולם מיט זיין הערויזם, מוז אים היינט ווילן מיט זיין קאָמיזם. די אַרטיסטן האָבן נישט אַנטוישט. דער סטו־דענט מאַקס, וואָס האָט שטענדיק געלאַקריצט אויף דער בינע מיט משכילישער זיסקייט, האָט ביי אונדז אַרויסגעוויזן זיין גאַנצע פּוסטקייט, פלאַכקייט און אפילו אַ ביסל מנווולדיקייט. קוני לעמל, זינט גאָלדפאַדענען אַ שם דבר פאַר אַ באַנעמעניש און אַזוי שטענדיק געשפּילט, איז ביי אונדז געווען אַ טיף־אומ־גליקלעכער מענטש. ווען מאַקס נעמט צו ביי אים זיין „איך", פאַרגייט ער זיך אין אַ יאָמערדיקן ניגון „איך בין קוני לעמל, קוני לעמל". ביי גאָלדפאַדענען גיט ער זיך אונטער און גייט אָפּ מיט אַ לעקישעוואַטע „איז ער טאַקע קוני לעמל און איך בין... איך". אין „יונג טעאַטער" פּילט ער די גרויסע עוולה, וואָס אים איז געשען. אָפּגייענדיק, בלייבט ער שטיין אַ ווילע. דרייט זיך אויס צום זאַל און אין טיפסטער פּיין שיקט ער אין וויטן חלל אַריין די ווערטער „אַז ער איז קוני לעמל, ווערזשע בין איך?..." מענטשלעך רירנדיק אין זיין אין־לשעדיקער פאַרלוירנקייט.

פאַר פּנחסלס טפּשותדיקער פלאַסקעדריגעקייט האָט י. גליק־סאָן (דער אַריסטאָקראַטישער פאַרזיצער פון באַסטאָנער גע־ריכט) געפונען טענער פון ריינסטן קאָמיזם, באַוועגונגען פון פיינעם גראָטעסק, דאָס גאַנצע — געצייכנט מיט דינסטע שטריכן. ער האָט זייער אַ סך געאַרבעט איבער דער ראָל און האָט דער־גרייכט גאָר ערנסטע רעזולטאַטן. וו. הייבלומס קלמן שדכן איז געווען אַ צעפלויגענע און איינצייטיק פאַרשפּיצטע טעאַטראַלישע פיגור. ב. גודעסעס ליבעניו איז מיט איר צאַרטן קאָמיזם געוואָרן איינע פון די שטאַרקסטע אַקטיאָרישע דערגרייכונגען אין „יונג

טעאַטער״. אין דער ראָל פון פנחסלס ווייב רבקה האָט זיך ש. הויער צוגעפּאַסט מיט פאַרשטאַנד צום אַלגעמיינעם טאָן.

דעם דירעקטאָר טאַנענצאַפּ האָט געשפּילט ל. ווערטהיים, דער פּראָקוראָר פון „באָסטאָן״. ער איז געווען אַ בייטלמאַכער, וואָס האָט כל ימיו נישט אַרויסגעשטעקט די נאָז מחוץ וואַרשע. אַמאָליק יידיש טעאַטער, גאַליציש־קליינשטעטלדיקע סביבה, עסטרייכישע קולטור־השפּעה, דייטשע שפּראַך — זענען אים געווען אין גאַנצן פרעמד. אַ דאַנק זיין אַקטיאָרישן אַריינפילן זיך און אומדערמידלעכער התמדה האָט ער געשאַפן אַ לעבעדיקן טיפּ פון אַ יידישן טעאַטער־דירעקטאָר, ווי איך האָב אים געזען אין מיין פאַנטאַזיע. זיין ערשטע רעדע האָט דעם עולם זייער געוויילט, די צווייטע — שטאַרק געריירט. אין דער דירעקטאָרשע, וואָס שפּילט אויך אויף דער „בינע״ קאַראָלינען, האָט די יונגע ד. פּאַקעל פאַרבונדן פרויאישע ווערדע מיט פאַלקסטימלעכער פשטות.

פול לעבן, רירעוודיקייט, עמכדיקייט איז געווען א. וואָלאָווטשיק (דער אַדוואָקאַט פון „באָסטאָן״) משה. מיידלשן חן האָט געהאַט זיין כלה יענטע (ה. צימליך), אַ טייערן „ליטווישן באַלדאַרשן״ האָט אויסגעצאַצקעט פּיניע זיגלבוים, א. גרינשפּאַנס פאַרברענטער וואַרשעווער חסיד האָט געפלאַקערט מיט דער גאַנצער אומטאָלעראַנץ פון זיין סביבה, אָנגעבלאָזן און גדלותדיק איז געווען א. סוכערס און שפּעטער, מ. שווייליכס ראש הקהל, אין קורצן אויפטריט פון דער פרוי אין הוט און מאַנטילע האָט דבורה פיינזילבער שאַרף אָנגעצייכנט די קאָנטורן פון אַ קליינשטעטלדיקער „דאַמע״. אין דער ראָל פון לייטענאַנט האָט אברהם סטאַבניצער אימפּאָנירט מיט זיין מאַדיאַריש־ציגיינערישן אויסזען און מערדערישער עלעגאַנץ, בהמהשע (בעהמישע) שוועריקייט האָט געהאַט יעקב הייטלערס טשעכישער זשאַנדאַר, קרומס אוקראַיניש פּאָליציינער איז געווען אַ קאָמיש נפשל.

די קאָסטיומען פון די געשטאַלטן אויף דער „בינע״ האָט פּראָיעקטירט דינה מאַטוס. זי האָט געמאָלט די לייוונטן, וואָס מען האָט פונאַנדערגעוויקלט אויף דער הינטערשטער וואַנט פון דער „בינע״, זי האָט מיט ליבע און פאַרשטענדעניש צונויפגעשטעלט די פּערקאַלענע „קורטינע״.

מיט „טרופּע טאַנענצאַפּ״ האָט „יונג טעאַטער״ געדאַרפט עפענען זיין נייעם לאָקאַל אויף דלוגע 19 אין אַ שבת אָנהייב נאָוועמבער 1933. אין לעצטן מאָמענט האָט דער פאַרשטייער פון רעגירונגס־קאָמיסאַריאַט מ. שישילאָוויטש אָפּגעזאָגט אַרויסצוגעבן אונדז די קאָנצעסיע. קוים מיט צרות האָב איך געפּועלט ביי אים, ער זאָל דערווייל דערלויבן צו שפּילן שבת און זונטיק.

איך בין געווען זייער אָנגעווייטיקט. כ׳האָב פאַרשטאַנען,

וועמענס שטיקל אַרבעט דאָס איז. און נישט איין שטיקל, נאָר עטלעכע. דאָס האָרעווען אין די לעצטע וואָכן אַרום לאָקאַל און פּרעמיערע האָבן מיך שטאַרק פאַרמאַטערט. כ׳האָב אויך אָנגעהויבן צו ספקן אין דערפאָלג פון „טרופּע טאַנענצאַפּ״ ביים וואַרשעווער פּובליקום. דער טיטל פון דעם ספּעקטאַקל זאָגט גאָרנישט. דאָס בייטן דעם צאַרישן הימן אויפן עסטרייכישן און ניקאָלאַיס באָרד אויף פראַנץ־יאָזעפס באַקן־בערד וואָלט געוויס אַרויסגערופן פריילעכקייט אין גאַליציע אָדער ווין, אָבער אין וואַרשע, ווער ווייסט? די כלומרשטע שטאָל, די ברעטער אויף די פעסלעך, דאָס „טעאַטער אין טעאַטער״ — וועט דאָס דערגיין צום עולם? און וועט ער זיך ווילן ביי אַלע אַנדערע איינפאַלן, ביים דורכוואַרפן זיך מיט ווערטער צווישן זאַל און „בינע״ בעת דער גאַנצער פאַרשטעלונג, ביי דער קריגערײַ אין זאַל? און ווי וועט ער אויפנעמען דעם אַפּאָטעאָז פון יידישן טעאַטער? צי וועט ער פאַרשטיין, אַז דער גאַנצער ספּעקטאַקל איז אונדזער ענטפער דער מאַכט אויפן פאַרווערן „באָסטאָן״? אַ סך קשיות האָבן געעגבערט מיין מוח.

דער אָוונט האָט זיי אַלע פאַרענטפערט. דער עולם, וואָס האָט פאַרפילט דאָס טעאַטער, האָט זיך אָן אויפהער געווײַלט מיט די אַקטיאָרן אויף דער „בינע״ און מיט די אַרטיסטן אין זאַל. יעדעס מאָל האָבן אויסגעשאָסן סאַלוון פון געלעכטער. נאָכן עסטרייכישן קייזער־הימן האָט דאָס גאַנצע טעאַטער געטרייסלט זיך פון פריילעכקייט און דאָס בראַוואָ־פּאַטשן האָט נישט געוואָלט נעמען קיין סוף. ווען דער דירעקטאָר האָט אין פינאַל פון ספּעקטאַקל איבערגעריסן זיין רעדע און געוויזן מיט די הענט אויפן פאַרמאַכטן מויל, זענען די צוקוקער געבליבן ווי צוגעשמידט צו די ערטער. דער זשאַנדאַר און דער פּאָליציייניק האָבן טאַקע באמת געמוזט זיי אַרויסטרייבן פון זאַל. „יונג טעאַטער״ האָט געווּנען די צווייטע שלאַכט אויף ביידע פראָנטן: דעם קינסטלערישן און דעם אידעישן.

„טרופּע טאַנענצאַפּ״ איז געגאַנגען אין וואַרשע לאַנגע חדשים אָוונט פאַר אָוונט ביי פולע זאַלן און שפּעטער מיט נישט קיין קלענערן דערפאָלג אין אַלע שטעט, וווּ דאָס טעאַטער האָט גאַסטראָלירט. תחילת האָט עולם איבערגעדרייט דעם טיטל פון ספּעקטאַקל. מען האָט געזאָגט: טאַנצענצאַפּ, טאַנעצאַפּ און אַזוי ווי מען קאָן נישט איבערחזרן. אָבער אין גיכן איז טאַנענצאַפּ געוואָרן איינער פון די פּאָפּולערסטע נעמען אין גאַס. מיט דער צייט איז ער געוואָרן אַ שם דבר אין דער ליטעראַרישער וועלט. שרייבנדיק אַ טעאַטער־היסטאָרישן מאמר, האָט דער ווילנער היסטאָריקער פּנחס קאָן אָנגערופן אים „פון פאַר דירעקטאָר

טאַנענצאַפּס צייטן" („ליטעראַרישע בלעטער", נר. 13 פון 1934).
שישילאָוויטש האָט געזען אַ פאָרשטעלונג און דערנאָך געזאָגט צו מיר: „איר זענט מיר פאַרפאָרן אונטער דער זיבעטער ריפּ. אָבער איר האָט עס געמאַכט אַזוי קונציק, אַז איך מוז שווייגן. מיין אָנערקענונג!". ער איז געוואָרן לייטזעליקער צו „יונג טעאַטער". מיר האָבן געקאָנט ווידער שפּילן „באַסטאָן" נאָך אַ סך, אַ סך וואָנטן.

**מ. וו.**

## ביכער פון זעלבן מחבר:

טעאַטער און דראַמע, פאַרלאַג „יידיש", וואַרשע 1922.

טעאַטער און דראַמע, צווייטע פאַרגרעסערטע אויפלאַגע. ערשטער און צווייטער באַנד. ווילנער פאַרלאַג פון ב. קלעצקין, 1926.

זכרונות, גאַליציע, ווין, בערלין. פאַרלאַג „המנורה", תל־אביב, 1960.

וואַרשע, זכרונות, צווייטער באַנד, פאַרלאַג „המנורה", תל־אביב, 1961.

יידישע אַליינהילף 1939—1945, פאַרלאַג „המנורה", תל־אביב, 1962.

מלחמה, זכרונות, דריטער באַנד, פאַרלאַג „המנורה", תל־אביב, 1963.

מסילת־חיים ומשעוליה, פאַרלאַג „המנורה", תל־אביב, 1965.